


# טערן

3

ליטעראריש-קינסטלערישער
און פּאָליטיש-וויסנשאַפטלעכער
כוידעש-זשורנאַל. מינסק
3 3 9 1 י אָ ר

אינהאַלט:





**18 $\frac{14}{3}$ 83** — 50 יאָר נאָכנ טויט פונ קאַרל מאַרקס — **19 $\frac{14}{3}$ 33**

... זײַנ סטיכיי איז געווענ קאַמפ. אונ ער האָט געקעמפט מיט אזא לײַדנשאפט, מיט אזא אײַנגעשפּאַרטקײַט, מיט אזא דערפאָלג, ווי עס קעמפנ ניט קיינ סאך...

... אונ דער נאָמענ זײַנער אונ זײַנ זאַכ וועלנ איבערלעבנ דורערס!

(פונ ענגעלסעס רעדע אפ מארקס קייווער).

... דער איקער אינ מארקס לערע איז — דאָס קלאָר מאכנ די וועלט-היסטאָרישע ראָלע פונעם פּראָלעטאַריאַט אלס דעם שעפער פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט...

סטאלינ

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ

# שטערן

ליטעראריש־קינסטלערישער אונ פּאָליטיש־
וויסנשאפטלעכער כוידעש־זשורנאל.

№ 3 ═══ נײַנטער יאָרגאנג ═══ מארט 1933

ו. אי. לענינ

# די דרײַ קוואלנ אונ די דרײַ באשטאנד-טײלנ פונעמ מארקסיזמ

מארקס לערע רופט ארויס צו זיכ אינ דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט די גרעסטע סינע אונ האס פונ דער גאנצער בורזשואזער (סײַ דער אָפיציעלער, סײַ דער ליבעראלער) וויסנשאפט, וואָס זעט אײַנ אינעמ מארקסיזמ עפּעס א מינ „שעדלעכע סעקטע”. אפ קיינ אנדער באציִונג קאָנ מענ זיכ גאָרניט ריכטנ, ווײַל קיינ אָנפּניִעסדיקע סאָציִאלע וויסנשאפט קאָנ ניט זײַנ אינ א געזעלשאפט, וואָס איז געבויט אפ קלאסנקאמפּ. אזוי, צי אנדערש, אָבער די גאנצע אָפיציִעלע אונ ליבעראלע וויסנשאפט פארטיידיקט די לוינשקלאַפערײַ, אונ דער מארקסיזמ האָט דערקלערט דערדאָזיקער שקלאפערײַ אנ אָנראכמאָנעסדיקע מילכאָמע. ריכטנ זיכ אפ אנ אָנפּניִעסדיקער וויסנשאפט אינ דער געזעלשאפט פונ לוינשקלאפערײַ איז פונקט אזא נארישע נאיִווקײַט, ווי ריכטנ זיכ אפ אָנפּניִעסדיקײַט פונ די פאבריקאנטנ אינ דער פראגע וועגנ דעמ, צי מע דארפ פארגרעסערנ די ארבעטער דעמ לוינ, פארקלענערנדיק דעמ רעוועכ פונ קאפּיטאל.

אָבער דאָס איז ווייניק. די געשיכטע פונ דער פילאָסאָפיע אונ די געשיכטע פונ דער סאָציִאלער וויסנשאפט באווײַזנ מיט פולשטענדיקער קלאָרקײַט, אז אינעמ מארקסיזמ איז גאָרניט ניטאָ אזוינס, וואָס זאָל זײַנ ענלעכ אפ „סעקטאנטישקײַט” אינעמ זינ פונ עפּעס אנ אײַנגעשלאָסענער, פארשטיינערטער לערע, וואָס איז אנטשטאנענ אָנאזײַט פונעמ גרויסנ אנטוויקלונג־שליאכ פונ דער וועלט־ציוויליזאציע. פארקערט, מארקס גאנצע געניִאלקײַט באשטייט גראָד אינ דעמ, וואָס ער האָט געגעבנ אנ ענטפער אפ די פראגעס, וואָס דער פּראָגרעסיווער געדאנק פונ דער מענטשהײַט האָט שוינ אוועקגעשטעלט. זײַנ לערע איז אנטשטאנענ אלס א דירעקטע אונ אומיטלבארע פּאָרזעצונג פונ דער לערע פונ די גרעסטע פאָרשטייער פונ דער פילאָסאָפיע, פּאָליטישער עקאָנאָמיע אונ סאָציִאליזמ.

מארקס לערע איז אלמעכטיק, ווײַל זי איז ריכטיק. זי איז פולקומ אונ הארמאָניש, זי גיט די מענטשנ א פארגאנצטע וועלט־אָנשויונג, וואָס קענ ניט מאכנ קיינ שאָלעמ מיט קיינ שומ אבערגלויבנ, מיט קיינ שומ רעאקציע, מיט קיינ שומ פארטיידיקונג פונ בורזשואזנ יאָכ. זי איז דער געזעצלעכער יורעש פונעמ בעסטנ, וואָס די מענטשהײַט האָט

געשאפן אין 19־טן יאָרהונדערט אין געשטאַלט פון דער דייַטשישער פילאָסאָפיע, פון דער ענגלישער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, פונעם פראַנצויזישן סאָציאַליזם.

אפ אָט די דרייַ קוואַלן, און צוזאמען דערמיט אויך באַשטאַנד־טיילן פונעם מאַרקסיזם, וועלן מיר זיך טאַקע אָפּשטעלן אינקורצן.

1

די פילאָסאָפיע פונעם מאַרקסיזם איז דער מאַטעריאַליזם. אין משך פון דער גאַנצער נייַסטער געשיכטע פון אייראָפּע, און באַזונדערס אין סאָף 18־טן יאָרהונדערט, אין פראַנקרייַך, ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער אַנטשיידנדיקער שלאַכט קעגן יעטווידער מיטלאַלטערלעכן אַלטוואַרג, קעגן לייַבייגנטום אין די אַנשטאַלטן און אין די אידייען, איז דער מאַטעריאַליזם געווען די איינציקע קאָנסעקווענטע פילאָסאָפיע, וואָס איז טריי אַלע לערעס פון די נאַטורוויסנשאַפטן, פייַנטלעך דעם אָבערגלויבן, דער צוויעס א.א.וו. די פייַנט פון דער דעמאָקראַטיע האָבן זיך דעריבער געסטאַרעט מיט אַלע קויכעס צו „אָפּלייקענען", „אונטערייַסן", רעכילעס טרייַבן אפן מאַטעריאַליזם און האָבן פאַרטיידיקט פאַרשיידענע פאָרמעס פון פילאָסאָפישן אידעאַליזם, וועלכער דערפירט שטענדיק, אַזוי אָדער אַנדערש, צום פאַרטיידיקן אָדער צום אונטערהאַלטן די רעליגיע.

מאַרקס און ענגעלס האָבן אפן אַנטשיידנסטן אויפן פאַרטיידיקט דעם פילאָסאָפישן מאַטעריאַליזם און האָבן ניט איינמאָל דערקלערט די טיפע פעלערהאַפטקייַט פון אַלע אָפּווייַכונגען פון דערדאָזיקער באַזע. קלאָרער פאַר אַלץ און אויספירלעכער זייַנען זייערע אָנשויונגען איבערגעגעבן אין ענגעלסעס ווערק: „לודוויג פייַערבאַך" און „אַנטי־דורינג", וואָס זייַנען, פונקט ווי דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט", א האַנטבוך פאַר יעדן באַוווסטזיניקן אַרבעטער.

אָבער מאַרקס איז ניט געבליבן שטיין אפן מאַטעריאַליזם פונעם 18־טן יאָרהונדערט, נאָר ער האָט א רוק געטאָן די פילאָסאָפיע פאָרויס. ער האָט זי באַרייַכערט מיט די דערגרייכונגען פון דער דייַטשישער קלאַסישער פילאָסאָפיע, באַזונדערס פון העגעלס סיסטעם, וועלכע האָט פון איר זייַט געבראַכט צו פייַערבאַכס מאַטעריאַליזם. דער איקער פון דידאָזיקע דערגרייכונגען איז די די אַ ל ע ק ט י ק, ד. ה. די לערע וועגן דער אַנטוויקלונג אין איר סאַמע פולן, טיפן אויסזען, וואָס איז פריי פון איינזייַטיקייַט, די לערע וועגן דער רעליאַטיווקייַט פונעם מענטשלעכן וויסן, וואָס גיט אונדז אן אָפּשפּיגלונג פון דער מאַטעריע, וועלכע אַנטוויקלט זיך אייביק. די נייַסטע אַנטדעקונגען פון דער נאַטורוויסנשאַפט—ראַדי, די עלעקטראָנען, די פאַרוואַנדלונג פון די עלעמענטן—האָבן מערקווירדיק באַשטעטיקט מאַרקסעס דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, ניט געקוקט אפ דער לערע פון די בורזשואַזע פילאָסאָפן מיט זייער „נייַעם" אומקערן זיך צום אַלטן און פוילן אידעאַליזם.

פאַרטיפערנדיק און אַנטוויקלענדיק דעם פילאָסאָפישן מאַטעריאַליזם, האָט אים מאַרקס דערפירט ביזן סאָף, ער האָט פאַרשפּרייט זייַן נאַטור־דערקענטעניש אפ דער דערקענטעניש פון דער מ ע נ ט ש ל ע כ ע ר ג ע ז ע ל ש א פ ט. די גרעסטע דעראָבערונג פון וויסנשאַפטלעכן געדאַנק איז מאַרקסעס היסטאָרישער מאַטעריאַליזם. דעם כאַאָס און דעם ווילקיר, וואָס האָבן ביז דעמלט געהערשט אין די אָנשויונגען אפ דער געשיכטע און אפ דער פּאָליטיק, האָט פאַרביטן א וווּנדערבאַר־פאַרגאַנצטע און האַרמאָניש־וויסנשאַפטלעכע טעאָריע, וואָס באַווייַזט, וויאַזוי פון איין שטייגער פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אַנטוויקלט זיך, מאַכמעס

דעם וווּקס פון די פּראָדוציר־קרעפטן, אַן אַנדער שטייגער, אַ העכערער,—ווי פונעם לייַבייגנטום, צום בייַשפּיל, וואַקסט אַרויס דער קאַפּיטאַליזם.

פונקט אַזוי, ווי דערקענטעניש פונעם מענטשן שפּיגלט אָפּ די נאַטור, וואָס עקזיסטירט אומאָפּהענגיק פון אים, ד. ה. די מאַטעריע, וואָס אַנטוויקלט זיך, אַזוי שפּיגלט אָפּ די געזעלשאַפטלעכע *דערקענטעניש* פונעם מענטשן (ד. ה. די פאַרשיידענע אָנשויונגען און טעאָריעס—פילאָסאָפישע, רעליגיִעזע, פּאָליטישע א.א.וו.) די עקאָנאָמישע אָרדענונג פון דער געזעלשאַפט. די פּאָליטישע אַנשטאַלטן זייַנען אַן אויבערבוי איבער דעם עקאָנאָמישן באַזיס. מיר זעען, צ. ב., ווי די פאַרשיידענע פּאָליטישע פאָרמעס פון די הייַנטצייַטיקע אייראָפּייִשע מעלוכעס דינען צו פאַרפעסטיקן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע איבערן פּראָלעטאַריאַט.

מאַרקס פילאָסאָפיע איז אַ פאַרענדיקטער פילאָסאָפישער מאַטעריִאַליזם, וואָס האָט געגעבן דאָס גרויסע געצייַג פון דערקענטעניש דעם מענטשן און באַזונדערס דעם אַרבעטער־קלאַס.

2

אָנערקענענדיק, אַז די עקאָנאָמישע אָרדענונג איז דער באַזיס, וואָס איבער אים הייבט זיך אויף דער פּאָליטישער אויבערבוי, האָט מאַרקס אָפּגעגעבן מער פאַר אַלץ אויפמערקזאַמקייַט צו דערלערנען דידאָזיקע עקאָנאָמישע אָרדענונג. מאַרקס הויפּטווערק—„קאַפּיטאַל" איז געווידמעט דעם שטודירן די עקאָנאָמישע אָרדענונג פון דער הייַנטצייַטיקייַט, ד. ה. פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

די קלאַסישע פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט זיך ביז מאַרקסן אויסגעבילדעט אין ענגלאַנד — אין דעם סאַמע אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד. פאָרשנדיק די עקאָנאָמישע אָרדענונג, האָבן אַדאַם סמיט און דאַוויד ריקאַרדאָ אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פון דער *אַרבעט־טעאָריע וועגן דעם ווערט*. מאַרקס האָט פאָרגעזעצט זייער אַרבעט. ער האָט שטרענג באַגרינדעט און קאָנסעקווענט אַנטוויקלט דידאָזיקע טעאָריע. ער האָט באַוויזן, אַז דעם ווערט פון יעדער סכוירע באַשטימט דער סכום געזעלשאַפטלעך־נייטיקע אַרבעט־צייַט, וואָס ווערט פאַרטאָן אָפּ פּראָדוצירן די סכוירע.

דאָרט, ווו די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן האָבן אייַנגעזען אַ פאַרהעלטעניש פון זאַכן (דעם אויסטויש פון אַ סכוירע אָפּ אַ סכוירע), האָט מאַרקס אויפגעדעקט אַ *פאַרהעלטעניש צווישן מענטשן*. דער אויסטויש פון סכוירעס דריקט אויס די פאַרבינדונג צווישן די איינצלנע פּראָדוצירער בא דער פאַרמיטלונג פונעם מאַרק. דאָס *געלט* באַטייַט, אַז דידאָזיקע פאַרבינדונג ווערט אַלץ ענגער און פאַרייניקט ניט צו צעשיידן דעם גאַנצןווירטשאַפטלעכן לעבן פון די באַזונדערע פּראָדוצירער אין איין גאַנצעס. דער *קאַפּיטאַל* באַטייַט די ווייַטערדיקע אַנטוויקלונג פון דערדאָזיקער פאַרבינדונג: אַ סכוירע ווערט אויך דעם מענטשנס אַרבעט־קראַפט. דער לוין־אַרבעטער פאַרקויפט זייַן אַרבעט־קראַפט דעם באַזיצער פון דער ערד, פון די פאַבריקן, פון די אַרבעט־געצייַג. איין טייל פונעם אַרבעט־טאָג פאַרברויכט דער אַרבעטער אָפּ דעקן די הוצאָעס צו אויסהאַלטן זיך און זייַן פאַמיליע (דער אַרבעטלוין), און דעם צווייטן טייל פון טאָג האָרעוועט דער אַרבעטער אומזיסט, שאַפנדיק מערווערט פאַרן קאַפּיטאַליסט, דעם קוואַל פון רעווער, דעם קוואַל פון רייַכטום פאַרן קלאַס קאַפּיטאַליסטן.

די לערע וועגן מערווערט איז דער ווינקלשטיין פון מאַרקס עקאָנאָמישער טעאָריע.

דער קאפיטאל, וואָס ווערט געשאפנ דורכ דעם ארבעטערס מי, דריקט דעם ארבעטער, רויִנירנדיק די קליינע באלעבאטימ אונ שאפנדיק אנ ארמיי ארבעטלאָזע. אינ דער אינדוסטריע זעט מענ גלײַכ דעם ניצאָכנ פונ דער גרויס־פראָדוקציע, אָבער אויכ אינ דער ערד־ארבעט זעענ מיר דיזעלבע דערשײַנונגענ: די אויבערהאנט פונ דער גרויסער קאפיטאליסטישער לאנדווירטשאפט ווערט גרעסער, עס שטײַגט די אָנווענדונג פונ מאשינעס, די פויערישע ווירטשאפט פאלט ארײַנ אינ פעטליע פונעמ געלט־קאפיטאל, זי פאלט אונ ווערט רויִנירט אונטערנ יאָכ פונ דער אָפגעשטאנענער טעכניק. אינ דער לאנדווירטשאפט זײַנענ די פאָרמעס פונעמ פאלנ פונ דער קליינ־פראָדוקציע אנדערע, אָבער אז זי פאלט—דאָס איז א פאקט ניט צו באשטרײַטנ.

צעשלאָגנדיק די קליינ־פראָדוקציע, פירט דער קאפיטאל צו א פארגרעסערונג פונ דער ארבעט־פראָדוקטיווקײַט אונ צומ שאפנ א מאָנאָפאָל־לאגע פאר די פארבאנדנ פונ די גרעסטע קאפיטאליסטנ. די פראָדוקציע גופע ווערט אלצ מער געזעלשאפטלעכ,—הונדערטער טויזנטער אונ מיליאָנענ ארבעטער ווערנ פארבונדנ אינ א פלאנמעסיקנ ווירטשאפטלעכנ אָרגאניזמ—אָבער דעמ פראָדוקט פונ דער אלגעמיינער ארבעט נעמט פאר זיכ צו א הײַפל קאפיטאליסטנ. עס וואקסט די אנארכיע פונ דער פראָדוקציע, די קריזיסנ, דער ווילדער געיעג נאָכנ מארק, די אומבאוואָרנטקײַט פונ דער עקזיסטענצ פאר דער מאסע באפעלקערונג.

מאכנדיק די ארבעטער מער אָפהענגיק פונעמ קאפיטאל, שאפט די קאפיטאליסטישע אָרדענונג די גרויסע מאכט פונ דער פארייניקטער ארבעט.

פונ די ערשטע שפראָצונגענ פונ דער סכוירע־ווירטשאפט, פונעמ איינפאכנ אויסטויש, האָט מארקס נאָכגעשפירט די אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ ביז זײַנע העכסטע פאָרמעס, ביז דער גרויס־פראָדוקציע.

אונ די דערפארונג פונ אלע קאפיטאליסטישע לענדער,—סײַ פונ די אלטע, סײַ פונ די נײַע,—באווײַזט באשײַנפערלעכ מיט יעדנ יאָר פאר אנ אלצ גרעסערער אונ גרעסערער צאָל ארבעטער די ריכטיקײַט פונ אָט דער מארקס לערע.

דער קאפיטאליזמ האָט געזיגט אינ גאָר דער וועלט, אָבער דערדאָזיקער זיג איז נאָר אנ ארײַנפיר צומ זיג פונ דער ארבעט איבערנ קאפיטאל.

3

ווענ עס איז ארָאפגעוואָרפנ געוואָרנ דאָס לײַבייגנטומ אונ אפ דער ווײַסער וועלט האָט זיכ באוויזנ די „פרײַע" קאפיטאליסטישע געזעלשאפט,—האָט זיכ גלײַכ ארויסגעוויזנ אז דידאָזיקע פרײַהײַט באטײַט א נײַע סיסטעמ פונ אונטערדריקנ אונ עקספלואטירנ די ארבעטנדיקע. פארשיידענע סאָציִאליסטישע טעאָריעס האָבנ טייקעפ גענומענ אנטשטיינ אלס אנ אָפשפיגלונג פונ דעמדאָזיקנ יאָכ אונ אלס א פראָטעסט קעגנ אימ. אָבער דער פריִקער סאָציִאליזמ איז געווענ אנ אוטאָפישער סאָציִאליזמ. ער האָט קריטיקירט די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט, ער האָט זי פארורטײלט, ער האָט זי פארשאָלטנ, ער האָט געטרוימט וועגנ פארניכטנ זי, האָט פאנטאזירט וועגנ א בעסערער אָרדענונג, ער האָט געוואָלט איבערצײַגנ די רײַכע, אז עקספלואטאציע איז ניט מאָראליש.

אָבער דער אוטאָפישער סאָציִאליזמ האָט ניט געקאָנט אָנווײַזנ דעמ ווירקלעכנ אויסוועג. ער האָט ניט געקענט ניט דערקלערנ דעמ וועזנ פונ דער לוינשקלאפערײַ בא דעמ קאפי־

טאַליזם, ניט אַנטדעקן די געזעצן פון איר אַנטוויקלונג, ניט געפינען די געזעלשאַפטלעכע קראַפט, וואָס איז פײיִק צו ווערן אַ שעפער פון דער נײַער געזעלשאַפט.

אָבער די שטורמישע רעוואָליוציעס, וואָס האָבן באַגלײט דאָס פאַלן פון פעאָדאַליזם, פון לײַבייגנטום, האָבן אומעטום, אין אײראָפּע און באַזונדערס אין פראַנקרײַך, אַלץ אָנשויִלעכער אופגעדעקט דעם קלאַסנקאַמף, אַלס יעסאָד פון דער גאַנצער אַנטוויקלונג און איר טרײַבקראַפט.

קיין איינ ניצאָכן פון דער פּאָליטישער פרײַהײַט איבערן קלאַס לײַבייגנטימער איז ניט דעראָבערט געוואָרן אָן אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד. קיין איין קאַפּיטאַליסטיש לאַנד האָט זיך ניט אויסגעבילדעט אַף אַ מער אָדער ווייניקער פרײַער דעמאָקראַטישער באַזע, אָן אַ קאַמף ניט אַף לעבן, נאָר אַף טויט—צווישן די פאַרשיידענע קלאַסן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

מאַרקס געניאַלקײַט באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט באַוויזן פריִער פאַר אַלעמען צו מאַכן פונדאַנען און דורכצופירן קאָנסעקווענט דעם אויספיר, וואָס עס לערנט די וועלט־געשיכטע. דערדאָזיקער אויספיר איז די לערע וועגן קלאַסנקאַמף.

די מענטשן זײַנען געווען און וועלן שטענדיק זײַן נאַרישע קאָרבאָנעס פון גענאַרערײַ און פון זעלבסטגענאַרערײַ אין דער פּאָליטיק, ביזוואַנען זיי וועלן זיך ניט אויסלערנען אופצוזוכן הינטער יעטווידע מאָראַלישע, רעליגיִעזע, פּאָליטישע סאָציאַלע פראַזן, דעקלאַראַציעס, אויסזוכן די אינטערעסן פון די אָדער יענע קלאַסן. די אָנהענגער פון דער אַלטער אָרדענונג וועלן שטענדיק אָפּנאַרן די אָנהענגער פון רעפאָרמעס און פאַרבעסערונגען, ביזוואַנען זיי וועלן פאַרשטיין, אַז יעדע אַלטע אינסטיטוציע, ווי ווילד און פויל זי זאָל ניט אויסזען, האַלט זי זיך אַף די קויכעס פון די אָדער אַנדערע הערשנדיקע קלאַסן. און קעדיי צו צעברעכן דעם ווידערשטאַנד פון דידאָזיקע קלאַסן, איז פאַראַן נאָר איין מיטל: אויסגעפינען אין דער געזעלשאַפט גופע, וואָס רינגלט אונדז אַרום, אופקלערן און אָרגאַניזירן צום קאַמף אַזעלכע קרעפטן, וואָס קענען און מוזן לויט זייער געזעלשאַפטלעכער לאַגע—בילדן די קראַפט, וועלכע איז פײיִק אַראָפּשלײַדערן דאָס אַלטע און שאַפן דאָס נײַע.

בלויז מאַרקס פילאָסאָפישער מאַטעריאַליזם האָט אָנגעוויזן דעם פּראָלעטאַריאַט אַן אויסוועג פון דער גײַסטיקער שקלאַפערײַ, אין וועלכער עס האָבן זיך געפײַניקט ביז איצט אַלע אונטערגעדריקטע קלאַסן. בלויז מאַרקס עקאָנאָמישע טעאָריע האָט דערקלערט דיווירקלעכע לאַגע פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער אַלגעמיינער אָרדענונג פון קאַפּיטאַליזם.

אין גאָר דער וועלט, פון אַמעריקע ביז יאַפּאָניע און פון שוועדן ביז דאָרעם־אַפריקע מערן זיך די זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציעס פון פּראָלעטאַריאַט. ער ווערט אופגעקלערט און ווערט דערצויגן, פירנדיק זײַן קלאַסנקאַמף, ער באַפרײַט זיך פון די פאָרורטיילן, וואָס הערשן אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, ער באַהעפט זיך אַלץ ענגער און לערנט זיך אויס מעסטן די מאָס פון זײַנע דערפאָלגן, ער פאַרהאַרטעוועט זײַנע קרעפטן און וואַקסט אָן אָפּהאַלט.

מאַרט 1913.

מ. טייף

# מארקס

אָט מיט דער קלײנער דינער פען
אין קלעם־געפאנג פון מײַנע פינגער,
אונטער קלאנג פון רעקוויעם שאָפענס
איך באפעל די סטראָפעס מײַנע זינגען.

אָ, קלײנע מײַנע דינע פען,
דו צאפלסט אוף פון מײַן געבעט:
טראָג מיך, טראָג מיך אונטער קלאנגען פון שאָפען
צום ווײַטן לאָנדאָנער כײגעט.

אין אָט דעם ווײַטן, אומבאקאנטן טור
צו יענער ניט פארשטויבטער דאטע
איך זאָג: זײַ דער לײַכט־טורעם
פאר אלע מײַנע קומענדיקע דאטעס.

אָ, קלײנע מײַנע דינע פען,
צו יענער אומבאקאנטער הויפּט־שטאָט צי מיך.
אונטער קלאנגען פון שאָפען
איך קום ארײַן צו אים אין צימער...

ער קוקט דעם בילד פון טויטן קינד
און זײַן ,ווייטעק זעט ניט קײנער.
פון פענצטער בלעטערט אוף דער ווינט
דעם ניט דערלײענטן פאמפלעט פון הײנע.

א רעגע נאָר... מיר דוכט, איך הער די טריט
אף דעם טעפעכל, וואָס ער האָט אויסגעטראָטן.
ער טונקט זײַן פען אין דינאמיט
און ס'באוועגט זיך אומרויִק זײַן שאָטן...

א וואלד פון ציפערן האָט ער באלעגערט,
דאָרט שנײַדט זײַן בליק די סטעזשקעס העלע.
און ס'גרײַפן אָנעט אין געשלעגן
די קאלטע מאטעמאטישע טאבעלעס.

זיי שנײַדס זײַנ בליק, װי שארפ פונ אנקער
איכ הער זײַנ שטימ... (איינ אויגנבליק געווערט!)
אונ פלוצלונג בליצנ אופעט אינ מײַנ ביכערשראנק
ניט קיינ בענדער טויטע, נאָר געווער.

אונ יעדער איינער שארפ אונ בלאנק
פונ אויסגעפרוּווטע הענט געניטע;
שוינ וויפל יאָר... דער ביכערשראנק
פונ ראָסט אונ שטויב פארהיט אונדז.

ווײַל יעדער באנד האָט שוינ פארזוכט
דעם בלוטיקנ גראנגל־דויער;
פונ גרויסע זיגנ—הייסע פרוכט,
פונ פארלוסטנ—גרויל אונ טרויער.

כ׳ווייס ניט צי דײַנ מירמל־דעק
וועלנ עפענענ לידער צי פאָעמעס,
ווײַל דו—דער לעבעדיקער לאכסט
פונ זיכ דעמ טויטנ: מײַנ טעמע...

דײַנ פאָטאָ־בילד אינ גרויסער ראמ
פיקסירט אנ אויגנבליק פונ דיר דעמ איינעמ,
נאָר ס׳איז דײַנ בילד, ווי ערד געראמ,
וואָס מעסטנ קענ ניט קיינער.

אינ רויש יאָרהונדערטנ אינ ווירבל פונ עפּאָכעס,
אינ זייער הייסער בלוטיקער סימפאָניע
האָסטו אנטדעקט דעמ לייטמאָטיוו: דעמ קלאס,
וואָס טראָגט פאָרויס זײַנ אויסלייז־פאָנע.

אונ ווענ איכ קוק זיכ אײַנ אינ דײַנ געזיכט,
אינ דײַנ אומבאקאנטער האנטש־יפט, פירער,
אונטער טינט פארטריקנטער דערפיל איכ אומגעריכט
טראָפּנס בלוט פונ די פראנצויזישע ברוקירער...

אונ יעדע שורע, יעדער זאצ
שמעקט מיט פולווער פונ אָנגעלאָדענע פאטראָנעס.
אונ איכ דערזע פאר זיכ א פלאצ —
פאָנעס. לידער. וואנדאָמער קאָלאָנע...

זיי שטייען אוף, זיי שטייען אוף די העלדן פון מאָנמארט
פון די ערשטע הייסע פערעקאָפּן.
איך פארמאך די אויגן און דערזע דיך:
דעם געשפענסט, וואָס וואנדערט אין איראָפּע.

ער שטעלט זיך אָפּ אפ גאסן פון בערלין,
ס'איז נאכט. קאלטע ווינטן ברומען.
און אין לופטן. ווי א פייערדיקער צעפּעלין
שווימט ארויס דער... „אכצנטער ברומער".

אָ, ליד פון היימלאנד מיינער, זינג, זינג,
דערמאָן מיר יענע פולווערנע מעסלעסן,
ווען דו אפ ראנד פון טויט און זיג
האָסט געשטורעמט ווי א פייער-קעסל.

מיר האָבן רויטגוואַרדייער דאן באגלייט צום צוג
און געטראָגן דיין פּאָרטרעט אין בלומען.
אונדז צעניאָריקע האָבן קוילן ניט פארצוקט,
נאָר ווייניק ברידער זיינען לעבעדיק געקומען.

נאָר ס'איז דיין טראָט—אָנצאָליקע פלאנגעס
דיין בילד—מיליאָניקע פּאָרטרעטן.
בא דיר אין האנט... (ארכימעדס פארלאנג!)
דער פונקט אפ איבערקערן די פלאנעטע.

צו הערסטו איצט דעם ריזיקן געזאנג
פון דיינע דרייסטע זינ—מארטירער.
— — — — — — — —
— — — — — — — —

פון וויַטן לאָנדאָנער כייגעס
וועט שוין ניט ענטפערן דער פירער.

שטיל, פאלן שנייעלעך אפ דער ערד
א טאָג אין כוידעש מארט. רוישיק-העל.
פריינט דערציילן אין דעם זעלבן טאָג
איז ער אפ אייביק איינגעשלאָפן אין פאָטעל.

שטיל. רויִק. שטעלט זיך אָפּ מיין פען
פון ערגעץ הייבט זיך אוף א ניגן.
אונטער קלאנג פון רעקוויעם שאָפענס
כ'בייג איין מיין קאָפּ און ווער אנטשוויגן..

מ. קולבאק

# בערע

(קאַפּיטלעך פונעם צווייטן בוך „זעלמעניאַנער״)

## א פראָלאָג וועגן א לעפל

קיינער האָט ניט פארשריבן זײַנע ניסיוינעס אין דער גרויסער וועלט־מילכאָמע. אין די לאנגע, טונקעלע טראנשייעס, אָדער אפ דער פרײַ, אין הינטערלאנד, האָט זיך ארומגעדרייט — דאָסראָוו ארום א וואנדערנדיקער קיך — א באוואקסענער סאָלדאט אין אן אופגעטרענטער, ווינטערדיקער היטל, אין א הארטן שינעל, און אפ עפּעס ארויסגעקוקט. דעם ביקס האָט ער שוין ניט איינמאָל פארלאָרן, דערפאר האָט בא אים שטענדיק געשטעקט א הילצערנע לעפל אין כאליאווע — די וויכטיקסטע געווער זײַנע אין דער גרויסער וועלט־מילכאָמע.

דאָס איז נאָך געווען אין סאמע אָנהייב, אין 1914, אין א הייסן זומער־טאָג. עשאלאָנען מיליטער זײַנען אָפּגעפלויגן איינע נאָך די אנדערע פון א גרויס־שטאָטישן וואָקזאל. אפ די פלאטפאָרמעס האָבן זיך געוויגט אין דער זון קײַלעכדיקע זעלנערישע היטלעך, אָן דאשעקעס, ווי א היישעריק געקראָכן דורך די ווײַסע טונעלן פון וואָקזאל, אפ דעם פעראָן, האָבן ארומגעקלעפּט די וואגאָנעס, די בופערס און די דעכער פון די וואגאָנעס.

עס האָט זיך געשטופּט א גרויסע אן אָנפענעמדיקע, אן אָנסייכלדיקע מאסע ארום די לאנגע קעסיידערדיקע באנען.

פלוצלונג האָט ער דערזען פון וואגאָן, ערגעץ אין א ווײַטן ווינקל, א פויער מיט הילצערנע לעפל. דער אינעווייניקסטער כוש האָט אים אונטערגעזאָגט, ער איז ארויסגעשפרונגען, אויסגעקליבן די גרעסטע לעפל און ארײַנגערוקט צו זיך אין כאליאווע:

— סע וועט ד אָ ר ט ן צוניץ קומען!...

אזוי האָט ער דעמאָלט א טראכט געטאָן מיט דער פּראָסטער ניכטערקײַט, וואָס איז אייגנטימלעך פאר דעמדאָזיקן מענטשן. דערנאָך האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער האָט ניט געהאט קיין גלאָז און ער האָט גענומען טרינקען טיי מיט א לעפל. מע האָט פון אים געלאכט, אָבער ער האָט מיט א טיפן, קאלטן שפּאָט זיך ארומגעקוקט און געטראכט זײַן אייגענעם, איינפאכן געדאנק:

— סע וועט ד אָ ר ט ן צוניץ קומען!...

דער מענטש האָט אפּ א פרידלעכנ וואָקזאַל, ווײַט פונ פראָנט, אונ קענ זײַנ נאָכ פאַר די ערשטע צוזאמענשטויסנ מיטנ סוינע, אָנגעהייבנ אײַנפירנ די זיטנ פונ דער מילכאָמע.

דערדאָזיקער פאַרדינסט דאַרפ פאַרשריבנ ווערנ אינגאַנצנ אפּ זײַנ כעזשבנ!

ער האָט זי ליב געקראָגנ, די לעפל, אינ די לאַנגע יאָרנ פונ דער מילכאָמע. ער האָט זי ליב געקראָגנ, ווי א געצײַג, וואָס האָט אים ארויסגעהאָלפנ אינ די שווערע צײַטנ. איצט איז זי שוינ אַלט אונ שוואַרצ, מיט אַנ אָפּגעבראָכענער הענטל, ניט גרעסער אונ ניט ריינער, ווי א פלאַכ פונ א זעלנערישער האַנט. איצט איז זי שוינ קימאַט ווי ניט קיינ לעפל, אָבער זי איז עפּשער די אײנציקע געווענ, די אײנציקע צווישנ לעפלענ, וואָס האָט אזויפיל געדינט דעמ מענטשנ.

ער האָט מיט איר ארויסגעשאַרט קאַרטאָפל פונ פײַער. ער האָט מיט איר געגעסנ שניי. אַז עס האָט זיכ באַ אים ארויסגעריסנ דאָס לעצטע קנעפל, האָט ער מיט איר אונ־טערגעהאַלטנ די הויזנ. ער האָט די לעפל ארײַנגערוקט אינ קאָלנער אונ ער האָט זיכ מיט איר געקראַצט. ער האָט פונ לעפל געטרונקענ ריצנאייל, גראַנפּנ אונ פראָסטנ וואַסער. ער האָט מיט איר געגראָבנ אָקאָפּעס, ער האָט אמאָל פאַרקויפט די לעפל בלויז אפּ אָפּצועסנ אונ באַקומענ דערפאַר א היפּשנ שטיק ברויט. ער האָט, לעסאָפּ, אראָנק דער שוואַרצער, אַלטער לעפל באַקומענ זײַנ בעסטנ כאַווער.

אמאָל באַנאַכט איז ער א פאַרכאַלעשטער געזעסנ אינ דער אָקאָפּע. ער איז געזעסנ אײַנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אינ דער נאַסער וואַנט אונ מיט אַנ אראָפּגעבויגענעמ האַרטנ קאָפּ געציילט די לעצטע מינוטנ פונ זײַנ לעבנ. פּלוצלונג איז אינ גראָבנ ארײַנ־געשפּרונגענ עפּעס א סאָלדאַט מיט א הייסנ קעסעלע זופּ, געכאַפּט אפּגיכ דאָס געקעכטס צווישנ די קני אונ גענומענ שלינגענ.

דעמאָלט האָט ער ארײַנגערוקט די לעפל צו יענעמ אינ קעסעלע.

דאָס איז געווענ א געפערלעכער, א פײַערלעכער מאָמענט. ער האָט מיט א שווײַגנ־דיקער אקשאָנעס אויסגעהאַלטנ דעמ גרײַלעכ־לאַנגנ, מאָדנע־שטוינענדיקנ בליקנ פונעמ באַלעבאָס פונ קעסעלע — אונ זיי האָבנ געגעסנ צוזאַמענ.

שפּעטער האָט יענער געפרעגט מיט א רויִקער באַריטאָנ־שטימ:

— ווי רופט מענ דיכ?

ער האָט געענטפערט:

— בערע כוואָסט.

אָט דאָס איז ער — בערע דער זעלמעניאַנער, רעב זעלמעלעס אַנ אייניקל! ער איז עס געפאַלנ אפּנ סייכל מיטנ לעפל, אונ צוליב איר האָט ער זיכ טאַקע אינ יענער נאַכט באַקענט מיט פאָרשנעוו, מיט זײַנ פרײַנט אונ לערער.

געענדיקט עסנ, האָט פאָרשנעוו פאָרזיכטיק צוגענומענ באַ אים די לעפל אונ זי ארויס־געוואָרפנ, ער האָט ארויסגענומענ טאַבאַק, אוועקגעלייגט צו בערענ אפּ די קני:

— רויכער. דו ביסט אַנ אַרבעטער?

— יאָ. א גאַרבער.

— געהערסטו צו א פּאַרטיי?

I

# דער קאמפ ארום די מייסים

דער קאוואלערישער קאָרפּוס, וואָס האָט זיכ אָפּגעריסנ אפּ א גרויסנ מעהאלעכ פונ די הויפּט־קויכעס פונ דער ארמיי, ארבעטנדיק אינ א וואלדיק־זומפּיקנ ראַיאָנ, איז ארײַנ טיפ אינ הינטערפראָנט פונ די ווײַספּאָליאקנ אונ האָט מיט זײַנע אומגעריכטע קלעפּ ארײַנגעבראכט אזא דעמאָראליזאַציע, אז דער סוינע האָט אפילע ניט געקענט ווי געהעריק איז פארטיידיקנ זיכ.

די פּאָלקנ זײַנען געווענ גוט צוגעגרייט צו א שלאכט אפּ פערד. זיי האָבנ זייער שלעכט געקענט (אונ האָבנ אויכ ניט ליב געהאט) פעכאָטע־שלאכטנ, באזונדערס אינ גרויסע מאסנ אונ אפּ ברייטע פראָנטנ. אונ ווײַל זיי האָבנ נאָכ ניט געהאט קיינ געניטקײַט אונ קענטשאפט, האָבנ זיי אויכ ניט ליב געהאט קיינ נאכט־שלאכטנ, געשאָסנ ניט אינ א פארגלײַכ ערגער פונ פוסגייער, האלטנדיק, אז דאָס בעסטע איז זיצנ אפּנ פערד אונ ארבעטנ מיט קאלט געווער.

אונ קענ זײַנ, אז די קאָמדיווּנ האָבנ זיכ אויכ דערמיט גערעכנט, ווענ זיי האָבנ די נעכט אויסגענוצט אפּ מארשנ. די נעכט—אינ וועג, אונ אמאָל פארטאָג באווײַזט זיכ א רויטער פּאָלק ערגעצ אינ אנ אומגעריכטנ ראַיאָנ, הונדערטער וויאָרסטנ ווײַט פונ פראָנט, (געשלאָפנ האָבנ די קעמפער אפּ די פערד). אונ דערמיט דערקלערט זיכ אויכ אָט דער שוואכער ווידערשטאנד, וואָס די פערטע ארמיי האָט באגעגנט אפּ דער ליניע פונ די אלטע דײַטשישע אָקאָפּעס, ווײַל בלויז דער קלאנג, אז באָלשעוויסטישע קאוואלעריע גיסט זיכ פונ צאָפנ אינ הינטערלאנד, האָט געצווּונגענ די פּאָליאקנ צוווארפנ זייערע אלע פּאָזיציעס מיטנ פּאָנעם צו מיזורעכ.

די נאכט־מארשנ — דאָס זײַנענ געווענ דרעמלענדיקע שלאכטנ פונעמ קאוואלערישנ קאָרפּוס, אונ די קעמפער געדענקענ זיי אזוי גוט, ווי דעמ גרויסנ אָנגריפּ אפּ סווענציאַנ, ווי דעמ בײַנאכטיקנ גאסנשלאכט אינ ווילנע.

בערע האָט זיכ טאקע דעמאָלט אויסגעלערנט שלאָפנ רײַטנדיק.

מע פאָרט ערגעצ אינ א פינצטערער נאכט דורכ אנ אומבאקאנטער געגנט, דער פערד וויגט זיכ אי ווארעמ, אי ווייכ; זיצט מענ אינעמ ברעזענטענעמ זאָטל, דאָס צוימל—פרײַ אינ האנט, די אויגנ שליסנ זיכ פאָרזיכטיק, אונ עס איז א גרויסע פרייד בלויז פונ דעמ געדאנק, וואָס מע שלאָפט. עס טרעפט אמאָל, אז פונ דער זײַט הייבט אָנ א גוטבאקאנטער באריטאָנ (פּאָרשניעוו) אויספרעגנ שטילערהייט:

— בערקא!

— א שטאָ?

— ספּיש?

— ספּליו!

אונ אינ א וויאָרסט ארומ נאָכ שטילער:

— א דאוונאָ אושע יאק ספּיש?

— ניע... סטאָי סאמאָי מעלניצי, שטאָ פּראָיעכאלי...

שפּעטער, אינ קאלטנ באגינענ, ציטערט מענ אופּ אונ מענ איז אויסגעשלאָפנ. די מאסע זעלמעניאנישע אויגנ טשוכענ זיכ אונ קוקנ אפּ גאנצע מײַלנ ארומ. הינטער די וועסנע־

דיקע נעפּלען וויקלען זיך ראָזע און ווײַסע קאָלירן, און דאָ ניט ווײַט, פֿון א נאסן קוסט, טוט א געשריי א פייגל, וואָס האָט אויך, קענטיק, די נאכט אָפּגעשלאָפֿן אפֿ א צווײַג שטײענדיק.

---

די זעלמעניאנער—אז זיי זײַנען אוועק אין קריג, זײַנען זיי פארפאלן געוואָרן. וועגן אנדערע פֿון זיי האָט מען באלד שטילערהייט אָנגענומען, אז זיי זײַנען אומגעקומען אפֿ זיכער, און מע האָט זיי פארגעסן. וועגן אנדערע האָט מען זיך באם אָנהייב אביסל געשלאָגן מיט דער דייע, געווען צדאָדים פארשיידענע, ביז מע האָט זיי, פארשטייט זיך, אויך פאַרגעסן.

דער פעטער פאָליע—אז ער איז פארפאלן געוואָרן, זײַנען ניט געווען קיינע מיינונג-פארשיידנהײַטן און מען האָט אים פארגעסן גרינטלעך. נאָכדעם, אז ער איז צוריק-געקומען פֿון עסטרײַך איז די ערשטע צײַט געווען פריקרע.

בענעגייע בערעס טויט האָט מען זיך ארומגעשלאָגן אין הויף. דעם פעטער איטשעס שטוב איז געשטאנען פאר דעם, אז ער לעבט; דעם פעטער זישעס שטוב האָט אָבער דאפקע געהאלטן, אז ער איז שוין ניט פאר קיינעם געדאכט. דער פעטער זישע פלעגט גלעטן די באָרד און טײַנען:

— געווען צו פלאנכענען, מע דארף זען אים צו פארגעסן...

דאָס איז געווען א פארליטענער קאמף ארום מייסים, וואָס איז געפירט געוואָרן אָן געשריי און אמפערניש. שטיל האָט מען גערעדט און די ווערטער זײַנען געווען פוסטע, וואָרעם די זאך איז געלעגן אין דעם קוק פֿון אן אויג, אין דעם בארייִדעוודיקן מאך פֿון א האנט.

---

ווינטער. ווי ארויסגעטעסעט פֿון דער ווינטערדיקער לופט שטייען בוילעט די שטיבער אפֿן שניי. עס איז שוין באלד אָוונט. עס שײַנט שארף דער ראָזעווער קאלטער זון-שײַן אפֿן שניי און דער בלויער שײַן פֿון די קאלטע הימלען. די שויבן זײַנען פארפראָרן, און אז די שטארק-הוילע ליכטיקײַט פאלט ארײַן אין די זעלמעניאנישע שטיבער איז זי שוין א מאטע און א רויִקע, ווי דער מאטער קוק פֿון א דערפארענעם זעלמעניאנער.

א קאלטער ווינטערדיקער שלאָס הענגט אפֿן רעבזעהויף.

די מומע מאלקעלע קומט ארײַן א דערפראָרענע צום פעטער זישען אין שטוב פונקט דעמאָלט, ווען ער זיצט ברייטלעך בא די צעטריבערטע זייגערס. שטיל, ווי בא א זייגער-מאכער. די ווײַזערס מעסטן די צײַט, די פּאָספּעדיקלען—די שטילקײַט. די מומע מאלקעלע דערציילט, אז יאנקעוו בויעזעס יִנגערע שנור, וואָס איז געפאָרן אין קרעמענטשוק אפֿ קייוועראָוועס, האָט דאָרטן געזען בערען. ער איז ארײַנגעגאנגען אין א הויכן מויער. יאנקעוו בויעזעס יִנגערע שנור איז צוגעלאָפֿן און ארופגעשריִען אפֿ די טרעפ:

— בערע, א גערוס דיר פֿונדערהיים!

און די מומע מאלקעלע מיינט, אז דעריבער האָט איר בערע ניט געענפערט, ווײַל ער איז שוין געווען אינעוויייניק. די מומע מאלקעלע קוקט אָנגעשטרענגט אפֿ דעם פעטער זישעס פירקאנטיקן פּאָנים: צי אָנערקענט ער ניט סאָפּקאָלסאָפּ די גילטיקײַט כאָטש פֿון איינעם א גערוס?

דער פעטער זיצט אָבער קאַלטלעכ, קוקט מיט א מאטנ בליק פונ א דערפארענעם זעלמעניאנער, אונ באשליסט צום צענטנ מאָל, אז ער וועט שווײַגנ. ער איז אָבער שפּילטשלעווע, טוט ער פלוצלונג קעגנ דעם אייגענעם ווילנ א פרעג:

— פארוואָס עפּעס אינ א הויכנ מויער?

ווינטער. די שווארצע קלעצער פונ רעבזעהויפ שטארטשענ ארויס פונ די גראָבע שנייענ, ווי אלטע ביינער. דער שניי שווענקט זיכ אינ ראָז. א קאַלטער ווינטערדיקער שלאָס הענגט אפנ רעבזעהויפ.

דער פעטער איטשע קומט א פארשמײַעטער פונ גאס מיט דער לעצטער פרישער ידיִע: בערע געפינט זיכ אינ מאָזיר. די מאָזירער באלעגאָלעס האָבנ אים געזענ, ווי ער האָט אינ מאָזיר געריטנ אפ א פערד.

דער ווינטערדיקער פעטער זישע טוט באלד א פרעג:

— פארוואָס עפּעס אפ א פערד?

נאָכדעם קוקט ער פארטאָג אינ דער שפּאקטיוו אונ בויט ווײַטער זײַנע טויט־שמעקנדיקע האשאָרעס, וואָס ער גופע איז ניט צופיל זיכער, צי זיי שטימענ גענוי מיט דער ווירקלעכקײַט. אונ שטאמענ שטאמט עס, וואָס דער פעטער זישע איז א זייגערמאכער. ארײַנקוקנדיק אינ א זייגער, האָט ער, ווי אלע זייגערמאכער, געטראכט וועגנ גאנצ אנדערע זאכנ. דערבײַ האָט ער ניט צופיל געהאלטנ פונ איטשקענ מיט זײַנ הויזגעזינד, דעריקער פונ בערענ, אז ער איז עס אָט דער מענטש, וואָס וועט זיכ קענענ אויסהיטנ פונ א קויל אפ דער מילכאָמע.

דערנאָכ האָט דער פעטער זישע, פונ זײַנ זײַט, געבראכט א ידיִע פונ בעסמעדרעש.

באלד נאָכנ דאווענ האָט ער אדורכנ פענצטער א ווונק געטאָנ צו פעטער איטשענ, גענומענ בא אים א טקיִעסקאפּ, אז ער וועט ניט מאכנ קיינ מיִעסע שטיק אונ אים איבערגעגעבנ, אז בערענ האָט מענ אופגעהאנגענ. דער פעטער איטשע האָט זיכ גענומענ טאפּנ פארנ קאָפּ, בײַסנ די פינגער אונ טרערנ האָבנ פונ אים געשפּריצט, ווי פונ א קוואל. דאָס האָט אָבער געמוזט פאָרקומענ שטומערהייט, ווײַל אים אנטקעגנ איז געזעסנ דער שטרענגער פעטער זישע אונ געוואָרנט מיטנ פינגער:

— געדענק דעם טקיִעסקאפּ, איטשקע, געדענק דעם טקיִעסקאפּ!

אלזאָ, בערע איז שוינ אָלאָווהאשנאָבל. דעמאָלט האָט דער פעטער זישע פאראָרדנט אינ הויפ, אז די מומע מאלקעלע זאָל ניט וויסנ פונ דער זאכ, ווײַל עס איז אָנגענומענ, אז א מאמע דערוויסט זיכ וועגנ דעם טויט פונ א זונ אסאכ שפּעטער. דער פעטער איטשע האָט געפאָלגט. ער איז ארומגעגאנגענ א גאנצנ ווינטער מיט א פארקאשערטער, נארעשעוואטע בערדל אונ די אויגנ האָבנ בא אים געטרערט. ער האָט אפילע יאָ אמאָל, זיצנדיק א פארשמאכטער לעבנ דעם פעטער זישענ, א פרעג געטאָנ:

— זישע, פארוואָס עפּעס אופגעהאנגענ?

נאָר דאָס האָט ער א פרעג געטאָנ פונ פארצווייפלונג. דער פעטער זישע האָט אָבער אפ אים געוואָרפנ א שארפנ קוק, ווײַל ער האָט בייסמײַסע געמיינט, אז מע האָט שוינ דעם שנײַדערוק ווידער ערגעצ אונטערגעהעצט. דער פעטער זישע האָט אים אפ דעם גאָרנישט געענטפערט, ער האָט בלויז געקוועטש מיט די פלייצעס אונ געשטוינט.

דער שווינדל מיט בערעס טויט האָט זיכ אָבער ניט אײַנגעגעבנ. סאָפּ ווינטער, ווענ דער רעבזעהויפ האָב זיכ געווייקט אינ די ערשטע ווארעמע רעגנס, האָט וועלוול דעם מע־

לאמעדס א זונ אָנגעקלאפּט שפּעט באַנאַכט צו דעם פּעטער איטשען. ער האָט געבראַכט א געררס: מיט א נאַכט צוריק האָט ער געטראָפֿנ בערען אינ סמאָלענסק אפֿנ וואָקזאַל אונ בערע האָט דורכ אימ געשיקט אהיימ א רויטנ עפּל.

דער פּעטער איטשע איז געשטאַנענ אינ הויפֿ צווישנ א רעדל זעלמעניאַנער אונ דערציילט:

— די מייַסע איז אַזוי. וועלוול דעמ מעלאַמעדס זונ איז זיכ געזעסנ אפֿנ סמאָלענ־סקער וואָקזאַל אונ געריכערט א פּאַפּיראָס. דערמאָלט זעט ער, ווי בערע שטייט אינ סאַמע מיטנ וואָקזאַל אונ עסט אנ עפּל. וועלוול דעמ מעלאַמעדס זונ איז, פֿאַרשטייט זיכ, באַלד צו אימ צוגעלאָפֿנ אונ געפֿרעגט „זע, בערע, דאָס ביסטו? אבי בא אונדז האַלט מענ, אז דו ביסט שוינ געשטאָרבנ!” בערע האָט ניט געוווסט פֿונ וואָס צו זאָגנ. (דערמיט האָט דער פּעטער איטשע געוואָלט א שטאָכ טאָנ דעמ ברודער זייַנעמ, דעמ זייגערמאַכער). בערע האָט זיכ גרייַלעכ דערפֿרייט מיט דעמ געררס, ער האָט זיכ נאָכגעפֿרעגט וועגנ אַלעמענ אונ באַלד האָט ער אַרויסגענומענ פֿונ קעשענע א צווייטנ, א גרעסערנ עפּל אונ איבער־געגעבנ וועלוול דעמ מעלאַמעדס זונ „פֿאַר דער מאַמענ אונ פֿאַר דעמ טאַטנ!”

דער פּעטער איטשע איז אַמאָל אינ א נאָווינע געווענ צעהאָצט.

אינדערפֿרי איז שוינ אַלצ געווענ קלאָר. דער שוואַרצער פֿרילינגדיקער רעבזעהויפֿ האָט מיט יעדנ נאַסנ קלאָץ פֿונ די נידעריקע שטיבער געשלונגענ די ערשטע טראָפּנס לעבעדיקנ שייַנ. דערמאָלט איז דער פּעטער זישע אַרויס מיטנ שפּאַקטיוו אינ אויג אפֿנ גאַניק, א קוק געטאָנ אפֿנ גוטנ, וואַרעמענ הימל אונ באַשלאָסנ נאָכצוגעבנ.

עטלעכע טעג איז דער עפּל געלעגנ אינ א טעלער אפֿנ טיש. דאָס איז געווענ א רויטער, ווינטערדיקער עפּל, א ראַפּע, מיט א גראָבער הויט, מיט א קורצנ גראָבנ שטענגל, אונ פֿונ אימ האָט געטראָגנ א ווייַניקער רייעכ איבערנ גאַנצנ שטוב. עטלעכע טעג איז דער עפּל געלעגנ אפֿנ טיש. מענ האָט געטאַפּט זייַנ קילע הויט, געהייבנ אימ פֿאַרנ שטענגל אונ געטראַכט דערבייַ וועגנ בערעס לעבנ אונ וועגנ זייַנע ניסיונעס אפֿ די שלאַכט־פֿעלדער.

עטלעכע טעג איז בערע געווענ דער שיינער כאָלעמ פֿונ די זעלמעניאַנער. דער הויפֿ האָט אימ פֿלוצלונג דערזענ, ווי אנ אופֿגייענדיקנ שטערנ אינ דער מישפּאָכע, וואָס איז שוינ געגאַנגענ באַרג אַראָפּ.

נאָר וואָס טוט מענ צומ פּעטער איטשענ? דער פּעטער איטשע, וועלכער האָט ניט פֿאַרמאָגט די פֿייִקייַט צו טראַכטנ ווייַט, האָט אַמאָל אינ א רעגנדיקער נאַכט, ווענ ער איז מיט דער מומע מאַלקעלען פֿאַרבליבנ אַליינ אינ שטוב, א זאָג געטאָנ פֿאַרטראַכטערהייט:

— איז וואָס, מאַלקעלע, מיר וועלנ זיכ עפּשער זעצנ עסנ דעמ עפּל?

די מומע האָט זיכ אינ דער ערשטער מינוט אביסל געקווענקלט. א שאָד! זי האָט אָבער געבראַכט א מעסער אונ דער פּעטער איטשע האָט באַלד איבערגעשפּאָלטנ דעמ עפּל אפֿ צוויי גלייַכע העלפֿטנ...

---

אינ יענער נאַכט איז א פּאָלק קאַוואַלעריע דורכגעגאַנגענ די שטאָט אינ מאַרש צומ פּוילישנ פֿראָנט. עס האָט געגאָסנ א פֿליוכ רעגנ. בערעס עסקאַדראָנ האָט זיכ קוימ באַוועגט אינדערפֿינצטער איבערנ דאַלהינעווער טראַקט, פֿינפֿ קילאָמעטער פֿונ שטאָט. לינקס פֿונעמ

סראקט האָט זיך געריסן דער הימל אין עלעקטרישע פלעקן פון די טויזנט שטאָטישע לאמטערנעס. בערע איז געזעסן אפן פערד, ארייַנגערוקט דעם קאָפּ אינעם נאסן קאָלנער און פון אונטן ארויף געקוקט אף די שייַנענדיקע בויגנס פון שטאָט. עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס כליופּען פון פּאָדקעוועס אין דער וואַרעמער בלאָטע, דער טיפער כראָפּען פון פערד, און א גוט באקאנטער באריטאָן האָט פון דער רעכטער זייַט גענומען אויספרעגן שטילערהייט:

— בערקא!

— א שטשאָ?

— ספּיש?

— ניע...

און אין א ווייַלע ארום נאָך שטילער:

א — פּאָטשעמו?

בערע האָט עפּעס א בורטשע געטאָן אונטערן נאסן וואָנצ, און ווייַל ער איז געווען אן אייַזערנער שווייַגער, האָט ער ניט אויסגעזאָגט, אז אין אָט דער פארבייַפּאָרנדיקער שטאָט איז ער געבאָרן געוואָרן און דאָ ווינען זייַנע עלטערן, וועמען ער האָט מיט עטלעכע טעג צוריק איבערגעשיקט פון סמאָלענסקער וואָקזאל א געַרוס און א גרויסן, ווינטערדיקן עפּל, א ראפּע...

מוישע נאדיר

# א וועלט מיט ארבעט

(אויסצוג)

* * *

איינ טריט טוסטו אליינ,
דעמ אנדערנ מוזטו...
פארברענ איכ אפ רויט
די לאנגווייַל די פוסטע.

באמ שטיינ פונ דער ערד,
באמ ליכט פונ מייַנ גליק
צעשארפ איכ מייַנ פענ,
צעגלאנצ איכ מייַנ ביקס.

שטיי איכ אפ וואכ שוינ,
דער רימענ רייַבט וווּנדנ.
איכ ווארט אפ די רויטע
צעפלאקערטע שטונדנ:

איכ קאָנ נאָכ ניט שיסנ
מיט עמעסע בלייַענ,
נאָר איכ ווייס, אז אָנ בלוט
וועט'נ אונדז ניט באפרייַענ.

* * *

שטיי איכ אונ באָד מיכ אינ פייַער,
שטיי איכ אונ וואש מיכ אינ פלאמ.
איכ בינ איצט א יונגער, א נייַער,
מייַנ וואָרט איז באוואָפנט מיט סאמ.

פיל איך אמאָל, אז די טרערן
שטיקן און ווארגן דעם האלדז.
וועט קיינער מײַן יאָמער נישט הערן—
אין פוילן, שאבלאָנישן וואלד.

מײַן ציקן און היטן און שאָרכן
צעמעסט איך זיך מיט לענינשער וואָג:
ענדגילטיקער טאָג וועט מיך האָרכן,
איך וועל האָרכן ענדגילטיקן טאָג.

די העלע די שטילע געמיטן,
ווי שטילינקע אינדזלען אין מער,
זיי ווארטן אוואדע מיט קוויטן,
מיט ראָסיקער, כעדוויקער טרער...

נאָר איצט איז דאָס הארץ אף דער וואָלגע
בא היַינטיקן פרילינג־פארזיי.
איך רייד יעדעס מאָל מיט אָלגינען
ווי צו הייבן דעם ווּקס פון פארטיי.

איך צערטל שוין מער מײַנע רייד נישט
און גיב נישט די פראזן קיין שרינט;
מײַן וואָרט איז קיין עלטערע מויד נישט,
מײַן רוף איז קיין קאָל ניט אין ווינט.

איך לערן מיך אָפט פון די ייִנגערע
כאווײרים פון רויטן פארבאנד;
איך ווייס, אז דער העכסטער דיכטער
איז דער, וואָס לייגט ציגל צום וואנט.

ה. קאמענעצקי

# לידער

* *
*

מיט אומגעריכטקייטן איז פול דאָס לעבן —
אָט האָסטו נעכטן דאָ מיט אונדז געלאַכט
און איצט האָסטו זיך אויסגעשפּרייט דערנעבן,
דײַן לעבן האָסטו ווייטיקדיק פאַרמאַכט...

און ס'ווײַזט זיך דער פאַרטאָג אף יעדן שטיין און ברעט.
דײַן כאַווער, איך און נאָך — מיר שטייען בײַ דײַן בעט.
אָט דאָ בײַ דײַן צוקאָפּן רייד איך שטום און שווער...
איך ווענדע זיך צו דיר איצט:

— הער!

ווי קלאָר ס'כאַפּט אויף א שפּיגל עמיצנס א שטריך
אַזוי האָב איך דײַן לעבן אויפגעכאַפּט אין זיך:
כ'האָב ביזן גרונט געקענט דײַן יעדן מיין, דײַן ווונק,
דײַן יוגנטלעכן ברען, דײַן אייפערדיקן שווונג.
דערפאַר האָט מיך דײַן טויט געטראָפן האַרט אין ביין,
אַזוי ווי ס'טרעפט א האַק אין צווײַגן פון א בוים...

און ניט דערפאַר אַליין נאָר האָט דײַן אומקום
אין בליק בײַ מיר א טונקלקייט פאַרשפּרייט,
נאָר ווײַל דײַן טויט איז העפקערדיק געקומען
און מײַן פאַרלאַנג אף אַלעמאָל געטויט...

און ס'איז געווען אָט דער פאַרלאַנג אַזאַ: געדענקסט? —
ביסט דאַן אין יענעם טאָג געווען א קינד נאָך
ווען ס'איז דער טאַטע אָפּגעגאַנגען שטרענג
אַהין,
וווהין כ'ריכט אויס דײַן געלן גוף אצינדער.

האָב איך דײַן קינדהײַט דאַן גענומען אפ די הענט,
געטרײַ ארופגעלײגט אפ מײַנע הארטע אקסלען,
געכאָוועט אונ באהיט, ווי ווײַט כ׳האָב נאָר געקענט.
אזוי ביזטו געוואקסן.

דו ביסט געוואקסן אונ די טעג זײַנען געגאנגען
ווי אומרויִקע בריוו פון קאנט צו קאנט,
ביזוואַנען אין א זומער אין א לאנגן
האָט דיר
א רויטן האלדזטיכל געשענקט דאָס לאנד.

נאָר אונדזער בלײכע גאָטפּאָרכטיקע מאמע
האָט דיך דערפאר פון שטוב ארויסגעיאָגט
ביזטו אוועק א ברויגעזער פון קאמער
אונ אפ די האָלץ אין שטאל
געוויינט א גאנצן טאָג...

האָב איך אפסנײַ דײַן וווקס גענומען אפ די הענט,
געטרײַ ארופגעלײגט אפ מײַנע הארטע אקסלען,
געטראָגן אונ באהיט, ווי ווײַט כ׳האָב נאָר געקענט.
אזוי ביזטו געוואקסן.

דו ביזט געוואקסן.
ס׳האָט דײַן וווקס געשפּארט,
געריסן זיך פון דיר ווי אומרו—פון א הרעבליע
אונ ניט איינמאָל, אין טעג פון לאסט אונ צאר,
האָט מיר דײַן יוגנטלעכע פרייד געהאָלפן לעבן....

אונ איצט —
אָט שטיי איך בא דײַן בעט —
א שטיק פארקלערטער סום...
אונ כ׳זע:
בא דיר אין האלב-פארמאכטן בליק
דײַן טויט שווימט אום.

פון מײַן באגער,
אונ מײַן פארלאנג—
דערטראָגן דיך
אונ שטעלן דיך
צו דינסט פון אונדזער לאנד.

פון אָט דעם לויטערן פארלאנג
פארבלײבן איז אצינד
א וויסטער רויך
און שטויב
און ווינט...

און דאָרט
אין בליק בא דיר
דײַן אומקום שוידערט, פינקלט.
עס גינט
און כ׳שטיי געבויגן דאָ אין קילן ווינקל.

וואָס זאָל איך טאָן?
די נאכט גייט אָפּ,
נאָר דו ליגסט טויט דערגעבן.
זאָל מיר כאָטש העלפן איצט
דער טאָג
אי שטארקן זיך, אי לעבן.

* *
*

עס ברענען די שפּיצן
פון שיטערן פארקן
אין דורכזיכטיק־רויטער
פארנאכטיקער שײַן.
אין קאמער—מיר ביידע.
מיר פרוּוון זיך שטארקן,
מיר פרווון א ווײַלע
פארגעסן די פּײַן.

די פּײַן פאר מײַן יינגסטן
פארלאָרענעם ברודער,
די פּײַן פאר דײַן מילדסטן
פארלאָרענעם קינד,
דעם שטעכיקן ווייטיק,
וואָס רײַסט זיך און רודערט,
וואָס נאָגט ווי א בלויער
פארשמיסענער ווינט...

מיר בײדע—אינ קאמער.
אָט בינד איכ פאנאנדער
א פעקל א קלײנעמ.
אינ פעקל: א העמד,
א דינינקער ביכל
מיט שנײװײַסע ראנדנ
אונ כ׳וע אפנ טאָװל
באמ זײַט—K. C .M.

איכ מיש אופ א בלעטל.
די אופשריפטנ פינקלענ,
איכ לײענ פאמעלעכ
א װאָרט נאָכ·א װאָרט—
פאר יעטװידער כוירעש
איז אָפגעצאָלט פינקטלעכ.
געװיס—יעדער אָפצאָל
איז דאָ אפנ אָרט.

אונ ערגעצ באהאלט זיכ
דער זוניקער קײַלעכ.
װאָס קענענ מיר טאָנ איצט
אינ שטיבל דאָ, װאָס?
נאָר איכ האָב א טרײסט דאָ
געפונענ דערװײַלע
אינ דינינקנ ביכל,
אינ יעטװידער אָס...

אונ דו — מיט א װײַסקײַט
איז איבערגעצױגנ,
איז איבערגעשאָטנ
דײַנ קאָפ װי מיט שנײ.
דײַנ אָנבליק — צערודערט,
דו האָסט זיכ פארבױגנ,
װי ס׳קענ זיכ נאָר בױגנ
א מאמע אינ װײ...

מיר בײדע—באמ פענצטער.
מיר קוקנ װי ס׳גרינענ
די צװײַגנ פונ שטארקנ
לאנגיאָריקנ קליאָנ

און קענסט זיך אין גאַרנישט
קיין טרייסט ניט געפינען,
דו קוקסט. און דער אָוונט
אין שויב גיסט זיך אָן.

און ס'טליעט דער פּאַרקן
פון אַלע פיר זייטן.
אין זוניקער אָפּשיין
בלייַבט הענגען א שטאַנג.
זאָל דיר א טרייסט זיין
אפ איצט און אפ ווייַטער
דער ווּקס פון מייַן קלאָרן,
צעשטראַלטן געזאַנג.

נזיעכ לוריע

# עלטער מיט א נאכט

אָוונט אינ ווינט הינטער די ווענט — מער האָט מענ גאָרניט פארנומענ פונדרויסנ אינ דעמ שטיבל אונטנ אינ א מויער צווישנ מויערנ אפ אנ אָפגעלעגענער גאס. שטיל האָט זיכ געפּאָרעט דאָס היַיפּעלע איַינוווינער: א מוטער מיט א טיכל אפנ קאָפּ, א דינ מיידעלע מיט ניט־קינדערשע אויגנ, א קליינס איַינגעדרעמלט מיט אנ איבערגעוואָרפנ קעפל אינ א ווינקל. אפ א בענקל איז געזעסנ דער עלטערער מאנסביל אינ שטוב, געזעסנ געשוויגנ נאָכנ טאָג ארבעט איבער קלעצל אונ שוכ. אלט קוימ א יאָר אכצנ, האָט ער אויסגעזענ ערנסט אונ פארזאָרגט אונ איניינעמ ווייכ אונ געדולדיק, ווי א מישפּאָכע־עלטערער, א שפּיַיזער, וואָס טראָגט זיַינ אָל מיט מילדקיַיט אונ פארשטענדעניש. ס׳האָט געשמעקט מיט שוסטעריַי אונ מיט נאפט פונ דער לאָמפּ. אז מע האָט זיכ אויסגעזעצט ארומ טיש צו די קארטאָפל מיט די הערינג, האָט דער זונ פארנומענ דעמ פאָטערס אָרט אויבנאָנ, וואָס איז ביז צומ יאָרציַיט מיט א כוידעש צוריק געשטאַנענ ליידיק. לויטנ אָרט איז אימ אויסגעטיילט געוואָרנ דער גרעסערער כיילעק אונ צומ סאָפ נאָכ א צוגאָב, נאָר דאָס האָט ער שווינ מיט א שוויַיגערישנ שמייכל אונטער דער נאָז צוגעשארט דעמ מעזיניקל, וואָס האָט מיט פארקלעפטע אויגלעכ פונ שלאָפ צוביסלעכ אונטערגעפלאנכנט אונ דערביַי פונדעסטוועגנ געקוועטשט אינ ביירע באקנ.

באמ ריידנ, צי באמ עפּעס טאָנ האָט מענ אינ דעמ אָרעמענ שטיבל ווינציק געראשט. שטילקיַיט האָט אָפּגעזונדערט די פאמיליע פונ אלעמענ ארומ אונ זי געייניקט אינעווייניק. קארגע צוויי יאָר האָט מענ אָפּגעלעבט אינ שרעק וועגנ פאָטער, טאָמער נעמט אימ צו די מילכאָמע, ביז ער איז געפאלנ אונ אוועקגעשטאָרבנ פונ א נעוויינלעכער לונגנ־אָנצינדונג. דענסטמאָל האָט זיכ צווישנ דער שטוב אונ דער גרויסער וועלט פארמאכט די טיר. ערגעצ האָט זיכ דאָרט אײדרויסנ גערודערט, געקערט, אהער אינ שטיבל אריַינ איז דער ראש אָנגעקומענ פארטויבט אונ אָפּגעפרעמדט. ארבעט איז געווענ איבערגענוג. מע האָט געטראָגנ פונ שכיינעשאפט אונ פונ א דריטער גאס, ווי פריִער צומ אלטנ, אזוי איצטער צומ זונ, וואָס באקאנטע אונ אומבאקאנטע האָבנ אימ היימיש גערופנ — מישע. מיט מישענ, האָט מענ געוווּסט, דינגט מענ זיכ ניט, דערפאר איז ער א וואָרטסמאנ, אונ זיַינס א לאטקעלע איז אפ כידושימ. מישע האָט געהערט, אז מע האָט ארויפגעוואָרפנ ניקאָליַיענ, אז די סאָלדאטנ לויפנ פונעמ פראָנט, אז די ארבעטער ווילנ אָפּשאפנ דעמ קאפיטאל, נאָר ס׳האָט ניט געהאט צו אימ. ער איז געזעסנ פארנ פענצטער, וואָס האלב נידעריקער פונ דער ערד, געקלאפט מיטנ העמערל, געשטאָכנ מיט דער אָל, אונ אז ער האָט אופגעהייבנ די אויגנ, האָט ער געזענ פארביַי טרעטנ שטיוול, שיכ, טופליעס אונ, ווי דער טאטע זיַינער אונ ווי דער ויידע

מיט יאָרנ פריִער, האָט ער איבערגעקלערט: אָט דאָ פאָדערט זיכ א פּאָר נאבויקעלעכ, אָט דאָ א קאפּקעלע... פאר זײַנע אויגנ זײַנעג געגאנגענ פרילינג־טעג, זומער־טעג, רוימענ אָנגעפילט מיט זונענשײַנ, מיט געהילכ פונ פאָלק, מיט געפּאָכ פונ רויטע לײַוונטנ אינ בלויע הימלענ, טאָג נאָכ טאָג האמוינים, רויש אונ שײַנ. נאָר ס'איז אים פאָרגעקומענ, ווי פארר־האנגענ אונ ווײַט. ער האָט ניט אָנטייל גענומענ אינ קיינ מאניפעסטאציעס, זיכ ניט גע־קאָמפּאנייעט מיט קיינ כעווּרעס. ער האָט אויכ ניט צו טאָנ געהאט מיט קיינ מיידלעכ, זיכ געהאלטנ אָפּגעשיידט פונ זיי.

דער לאָמפּ האָט געטשאדעט. די מוטער האָט א דריי געטאָנ דעם קנויט ארופּ, אראָפּ, ארײַנגעקוקט אינ מאגאזינ, אינ דער קיילע.

— פארגעסנ גאוע—האָט זי באדויערט—עפּשער איז נאָכ דאָס קלייטל אָפּנ?

מישע האָט זיכ אופגעהייבנ. ער איז געווענ א פלייציקער אונ הויכ געוואקסנ, אביסל אײַנגעהאָרבעט פונ זיצנ געבויגנ איבער דער ארבעט. איצט האָט ער צענומענ די גלידער, זיכ אויסגעגלײַכט אונ קימאט אונטערגעשפּארט די נידעריקע סטעליע. זײַנ לענגלעכ פּאָנעם איז געווענ ווינקלדיק געשניטנ, בלייכ, מיט שווארצע האָר.

— ווײַז די פלאש,—האָט ער געזאָגט אונ גענומענ ארופּציִענ די קורטקע.

— ניינ, צו וואָס?—האָט אים די מוטער ניט געוואָלט באמיִענ.—איכ וועל אליינ.

— ווײַז, ווײַז אהער—האָט ער זיכ אָנגערופנ מידלעכ, אָפּגעלאָזנ אונ דערבײַ גוטמוטיק־באפוילעריש, ווי איינער, וואָס האָט צווישנ די זײַניקע דאָס לעצטע וואָרט. דעם אָוונט האָט זיכ עפּעס געטראָפנ מיט דער עלעקטרע, ניט פאר ווײַבער אנ ארבעט זיכ אומדרייענ אינ גאס אינ אזא פינצטערניש.

די גאס האָט אינדערעמעסנ אויסגעזענ ניט היימלעכ פּוסט, ווינט האָט מיט אזא געפיל־דער געטריבנ בלעטער, שאָסנ האָבנ זיכ געהערט, ווי אָפּט אינ יענע אומרויִקע נעכט. דאָס געוועלבל אפנ ראָג איז געווענ פארמאכט, מיט א קווארטאל ווײַטער—דאָס אייגענע. מישענ איז ניט געפעלנ געווענ זיכ אומקערנ מיט ליידיקנ. אינ א ווײַט ערגעצ, עמעס גאָרניט נאָענט, האָט ער געוווּסט אנ אָרט, ווו ס'האָט זיכ געווײַנטלעכ ביז שפּעט ווייִ טפּעטער ישאָ געלויכטנ. אהינ איז ער אוועק.

קיינ לאמטערנס האָבנ ניט געברענט. געציילטע פענצטער האָבנ געשיקט א צוגעשלאָגענע ליכטיקײַט. דיביימער אינ קליינעם סקווער האָבנ געשריִענ, געשטורעמט, זיכ געבויגנ, זיכ געריסנ פונ די וואָרצלענ, געוויכערט מיט בלעטער, ווי נאָר אפּ צעפליִענ אונ ניט ווערנ. נאָכ א גאנצנ טאָג פארשפּארט זײַנ אינ קעלער־ענגשאפט האָט זיכ געאָטעמט פריש אונ טיפ. מישע האָט געשפּאנט מיט פארגעניגנ, כאָטש אביסל אָנגעשטרענגט, ווײַל אינ דעם ווינקל, וווּהינ ער האָט איצט פארקערעוועט, האָט מענ אינ ערגעצ קיינ פײַערל ניט געזענ, טונקעלע מויערנ, טונקעלער הימל אונ קלאפּערײַ פונ ווינט איבער צעשאָקלטע בלעכנ. ס'איז אייגנטלעכ קלאָר געווענ, אז מער איז ניטאָ וואָס צו זוכנ.

ערגעצ ניט ווײַט האָט זיכ פארקאָכט א שיסערײַ. מישע האָט זיכ אָפּגעשטעלט. די גאס, ווו ער איז געגאנגענ, איז געווענ ליידיק, אויסגעטיילט, פּונקט ווי דאָס אלצ, וואָס האָט זיכ געטומלט דאָרט אינ דער נאכט, וואָלט אהער ניט געקערט. „אָנ סאקאָנעס", האָט מישע ניכטער אָנ א טראָפּנ בעהאָלע איבערגעקלערט, „פונדעסטוועגנ איז גלײַכער זיכ נעמענ צוריק". ער האָט זיכ צוגעהערט.

א היפּשע צאָל אירע האָט זיכ דערנעענטערט פונ דער אומרויִקער זײַט. זיי זײַנענ בגאנגענ אינמיטנ גאס, געשאָטנ אפנ ברוק אָפּטע בינטלעכ טריט אונ גיכער, ווי מע האָט

זיך געקענט ריכטן, זיך פארגלײַכט מיטן טויער, ווו מישע איז געשטאנען. זיי זײַנען געווען א צענדליק, עפשער מער, דוכט זיך, מיט ביקסן, פרויען צווישן זיי. ווער דרייט זיך עס דאָ ארום? האָט מישען געארט, נאָר ער האָט עס באלד צונישט געמאכט: זייער זאך, און איז אוועק אין דערזעלבער ריכטונג. „מײַן וועג אהיים, גיי איך", האָט ער זיך באוואָרנט מיט אן ענטפער אף יעדן פאל.

באם ראָג האָט זיך די גרופע פארהאלטן, זיך צערוקט צו די ווענט.

— ווער איז עס?—האָט א קאָל פון שאָטן מישען אָפגעשטעלט.

— נו, ווער — א מענטש,—האָט זיך מישע אָנגערופן מיט פארדראָס.—איך גיי אהיים, גיי איך.

— שטיי,—האָט מען אים באפוילן. ער איז געבליבן שטיין.

ווײַטער האָט מען אים ניט געטשעפעט. די מענטשן האָבן דאָ, קענטיק, אף עמיצן עווארט, אף אזוינע, וואָס מע דארף זיך פאר זיי היטן, זײַנען גרייט זיך אקעגנשטעלן. נאָר ס'האָט געדויערט, און ס'איז גאָרניט ניט פאָרגעקומען. מישען האָט עס אופגערעגט: וואָס וויל מען פון אים האָבן, וואָס האלט מען אים דאָ?

— לאָזט מיך דורך!—האָט ער אויסגערופן אין דער פינצטער צו אלעמען און צו קיינעם ניט.

— ששש, שטיי...

א פרויען־געשטאלט האָט עס אויסגעשעפטשעט פון זייער נאָענט און אים דערבײַ א קרעפטיקן צופ געטאָן פארן ארבל. איבער זײַן האנט האָט זיך דורכגעריבן א האָריקס, פון איר זשאקעטל ווײַזט אויס, מישע איז באלד אנשטילט געוואָרן.

אפאָנעם, אז ער האָט זיך מיט זײַנע קוילעס טאקע באנארעשט, אפאָנעם, אז די, וואָס מע האָט זיי אָפגעווארט, האָבן זיך באוויזן. מע האָט זיי באגעגנט מיט פײַער. יענע האָבן געענטפערט. מישען איז מיטאמאָל אָפגעפאלן זײַן גאנצע אָנגעדרודלקײַט. ער האָט געקוקט מיט אָנגעצונדענע אויגן און גאָרניט געזען. אן אומבאקאנט געפיל האָט אים מיט קויעך דורכגענומען און פארפלייצט. דאָס הארץ האָט געקלאפט.

— וואָס איז עס? וואָס שיסט מען?—האָט ער שטיל א פרעג געטאָן בא זײַן שכיינע.

— ווייסט גאָרניט? איבער דער גאנצער שטאָט אזוי. שוין היפש עטלעכע שאָ. מיר נעמען די מאכט,—איז דער ענטפער געווען.

מישע האָט ניט געזען קיין פאָנעם, נאָר קלאָר באנומען, אז סע רעדט א יונגס און זייער א שטײַפס בא זיך, און ווי מיט א מינוט צוריק, אזוי איצט האָט ער זיך פארטײַעט, באראשט פון עפעס א נײַס און אומבאקאנטס, וואָס האָט אים דורכגעשטראָמט. ער האָט גלײַך אפן שטעל קיין אָטעם ניט פארכאפט אָפצוענטפערן דײַטלעך און נאָר אויסגעמורמלט: „א? יאָ, כווייס"... כאָטש ער האָט אינדערעמעסן גאָרניט געוווּסט, ווער זײַנען זיי אָט די אָ, וואָס מער גייט זיי ניט אָפ, נאָר נעמען די מאכט, און וואָס הייסט עס, ווי נעמט מען זי אָט די מאכט?

די שיסערײַ פון אנטקעגן האָט זיך באנײַט.

— שטיי ניט.אינמיטן גאס. קום אהער,—האָט אף אים א זשום געטאָן די יונגע באשעפעניש מיט א שלעפ, ווי פריער, פארן ארבל. דערבײַ האָט זיך מישעס האנט ווידעראמאָל דורכגעגליטשט מיט א רײַב אין ווייכהאָריקן געוואנט פון איר זשאקעטל, און ס'איז אים געווען, ווי ער וואָלט אָנגערירט די פעל פון א פרײַנטלעכער כײַע. א וואָרעמקײַט איז אים אופגעגאנגען אין די גלידער, כאָטש אביסל האָט אים פארדראָסן: „וואָס קאָמאנדעוועט זי?"...

איצט זײַנען זיי געשטאַנען נאָענט באַנאַנד אין שוץ פון א טראַנספאָרמאַטאָרנעם ביידל. ס'האָט געשמעקט מיט לעדער.

— ביסט א שוסטער?—האָט דאָס מיידל געזאָגט

— פונוואַנען ווייסט איר?

— זעסט דאָך.

עמעצער איז אָנגעלאָפן פונהינטן, זיך טוליענדיק צו די ווענט. די גרופּע האָט זיך איבערגעשושקעט. אפּאָנעם, אז ס'איז געשען א וויכטיקס. מ'איז געוואָרן ערנסט, ווי אין א געפאַר. אָן רייד, אָן איבעריקער באַוועגונג, פאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן, אויסגעפילט די שטילע באַפעלן פון דעם עלטסטן. מע האָט זיך פאָרזיכטיק געצויגן אָפּ צוריק. מישע, א צערודערטער, ניט וויסנדיק, וואָס דאָ טוט זיך, איניינעם מיט די איבעריקע אין דער מיט.

— איר זײַט באָלשעוויקעס,—האָט מישע צום מיידל געזאָגט, געפרוווט טרעפן.

— נו, יאָ. קלאָר. רויטע גוואַרדיע. און דו?

— איך? גאָרניט.

— דאַרפסט געגוויטיק די בורזשואַזיע?

— ברעכט זי דעם קאָפּ. נאָר גלאַט... איך מיש זיך ניט...

— ש ש ש...

פון דער זײַטיקער גאַס זײַנען אָנגעקומען עטלעכע. אייגענע, ווײַזט אויס. מע האָט זיך איבערגעשמועסט. אפּאָנעם, אז ס'איז געווען גאָרניט גוט. מישע האָט פאַרקוועטשט אין האַנט דאָס העלדזל פון זײַן ליידיקער פלאַש און א קלער געטאָן, וואָהין פאַרשלעפּט עס אים, ווען וועט ער אַרויסקומען אַהיים. סײַדן נעמען און אַוועקגיין? איז ווער ווייס, וואָס פאַר א שלעק ער קען נאָך באַגעגענען. אין קאָמפּאַניע איז פאָרט פריילעכער. קוילנוואַרפער האָבן געטאַראַטאַטשקעט. איבער אַן אָפּגעשטאָרבענער שכײנישער גאַס האָט מיט האַסט און געראַש דורכגעשטורעמט אַן אויטאָמאָביל.

— מיר זײַנען אַביסל אַרײַנגעפאַלן, — האָט זיך דאָס מיידל מיט מישען געטיילט, — די יונקערס האָבן פאַרנומען אונדזער ריַאָן.

די גרופּע האָט נאָך א קורצן אייַצען זיך אָנגענומען עפּעס א באַשלוס און זיך א לאָז געטאָן גיין גיך. די באַשטימטקײַט פון דער ריכטונג און דאָס אײַלן איניינעם שווײַגנדיקערהייט האָט מישען אויפגעמונטערט און מאָדנע פאַרכאַפּט, כאָטש ער האָט ניט געוווסט וואָס און ווען. דאָס מיידל האָט געשפּאַנט האַנט בא האַנט מיט אים, ניט אָפּגעשטאַנען אָפּ קיין טראָט. „צו וואָסערע רוכעס טויג מיר די פלאַש?" האָט ער זיך געשעמט, וואָס ער איינער צווישן באַוואָפנטע טראָגט זיך מיט אַזאַ קיילע. נאָר אַוועקוואַרפן זי, איז אים, פונדעסטוועגן, געווען א שאָד.

טיפער אָפּ דער מיט גאַס האָט זיך געווען א גרויסער פלאַקער, און קימאַט איינצײַטיק האָבן זיך פון עטלעכע זײַטן א ווײַז געטאָן אָפּיצערישע צורעס מיט זידלערײַען און דראָונגען. זיי האָבן אַרומגענומען די קליינע גרופּע מיט א רינג און שטורכענדיק און שעלטנדיק גראָב געטריבן זיי צום פײַער.

ס'האָבן געברענט פּעק מיט פריש־אָפּגעדרוקטע בלעטער פּאַפּיר. די פענצטער פונעם דערבײַיקן צווייסטאָקיקן הויז זײַנען געווען צעעפנט. אָנגעכמורעטע פּענעמער פון זעצער און דרוקער האָבן אַרויסגעקוקט פון דער צימערן־טיפ, און אויפן פּאָדער־פלאַן, אין די ראַמען, האָבן זיך נאָכאַנאַנד געוויזן מונדירן, קאָקאַרדעס, אויפגערעגטע פּאַרצעפּס, וואָס

האָבן צוגעטראָגן און ארויסגעשליַידערט פון אינעווייניק אפן ברוק אראָפּ קעסטלעך שריפט, געבונדענעם זאצ און פעק און פעק מיט געדרוקטס—בויגנס צייַטונגען, בויגנס מיט לאָזונגען, וואָס האָבן פון פייַער געוויזן זייערע פלאקנ־איסרופן, ווי מיַלער פון | רעדנער איבער קעפ פון האמוינים. קויט און קוילעס האָבן געשפּארט פון אָפּיצערישע העלדזער, ווי אווערנדיקע מייקעכץ פון אופגעבראָכענע קאנאליזאציע־רערן. אָנפליִען פון ווינט האָבן צעבלאָזן הונגעריקן פייַער, געטראָגן אינדערלופטן בלעטער, וואָס זייַנען פלאמענדיק זיך צעפאלן אפ שווארצן אש. אן אָפּיצער מיט א גייַוועדיק פּאָנעם האָט אָנגעטראָטן אפ א שטיק ניט־צעשאָטענעם זאצ און א געקרענקטער, קרימענדיק דאָס מויל, גענומען טופען, צעשטויסן עס מיטן קנאפל. עטלעכע יונגע קאדעטלעך האָבן אים באלד נאָכגעטאָן, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א העפען, זעצן אין דער ערד, א מין מעשונעדיקער טאנצ. די אויסיעס, וואָס האָבן כאראָשים נאָכאנאנד אונטער פלינקע פינגער זיך צונויפגעשטעלט אין ווערטער פון עמעס און צאָרן, קעדיי נאָכדעם פון האנט צו האנט, דורכ טויזנטער הענט לויפן אָנקומען אין קאזארמעס, פאבריקן, קעלערס, בוידעם־שטיבלעך, אפ ראָגן, גאסן און פלעצער, פארבינדנדיק די צעזייטע אין איין גרויסער וועלט־איבערקערנדיקער קראפט, האָבן זיך איצט געקאָרטשעט אונטער שטיוול און דורכ גראָבע ווילן געשטאָכן די פיאטעס פון די פייַנט.

— וואָס איז עס?—האָט מישע באם מיידל געפרעגט מיט פאכעד פאר דעם בילד.

— זעסט ניט? שווייַג.

דאָס קורצע נעזל אירס איז געווען אופגעהייבן, די ברוינע געדיכטע ברעמען צונויפ־גערוקט.

— וואָס האלטסטו עס אין דער האנט — האָט דער קאדעט, וואָס האָט מישען באטאפּט מיט א ריס ארויס א נעם געטאָן זייַן פלאש קעגן דער שייַן און באלד מיט א זבענק אין שטיין צעהאקט זי אפ שטיקלעך.

נאָכן אנטוואָפּענען און באזוכן האָט מען די כעוורע אָפּגעלאָזט. זיי האָבן זיך טייקעף צעזייט. מישע איז געגאנגען מיטן מיידל. פאר זייַנע אויגן איז זי שוין פארבליבן אזא, ווי ער האָט זי אופגענומען בא דער ליכטיקייַט: מיט געדיכטע ברעמען און שטאָלצן נעזל, די היפשע ברוסט פול אויסגעפורעמט אין גרויהאָריקן קורצן זשאקעטל, אינגאנצן אומ־געדולדיק אָנגעצויגן ארופ צו דערוואקסן גיכער די פּאָר סאנטימעטער, וואָס איר האָט געפעלט צו דער באגערטער מאָס.

— ס׳מאכט ניט אויס,—האָט זי געזאָגט.—האָסט געזען דעם עראָפּלאן?

— וואָסער עראָפּלאן?

— אונדזערן. געפלויגן איבער דער שטאָט. א צייכן, אז מע זאָל אָנהייבן. דער רעווקאָם שווייַגט ניט. ווי מייַנסטו?

— איך ווייס...

— קיין זאך ווייסטו ניט, — האָט זיך דאָס מיידל אָנגערופן געערגערט. — קלייַבסט זיך אוואדע אהיים?

— כ׳ווייס... מע דארף.

— קום מיט מיר.

— ווּהינ?

— מירן זיך פרוּוון דורכשלאָגן צום רעווקאָם. איך האָב אביסל מוירע אליין. אונדזערע זייַנען מיסטאָמע אלע אוועק אהינ. קום זשע. וואָס שטייסטו? נו?

— גוט. גוט.

— ביסט ניט צופרידנ?

— ווער זאָגט, איכ גיי דאָכ.

די שטאָט איז געלעגנ אינ פינצטערניש, נאָר ארום דער אײַזנבאנ אונ ווו־ניט־ווו אינ צענטער—פײַערנ. איבער טונקעלע מויערנ זײַנעג אופגעפלויגנ ליכט־ראקעטעס. קוילנוואַרפערס האָבנ זיכ איבערגערעדט אינ אלע עקנ. דאָס מיידל מיט מישענ זײַנענ געגאנגענ דורכ ליידיקע אָפגעלעגענע גאסנ; טירנ, טויערנ זײַנענ געווענ פארמאכט, זעלטנ האָט מענ עמעצנ באגעגנט, נאָר געפילט האָט זיכ, אז ס'איז א גרויסע וואכ־נאכט. ערגעצ האָט געברענט. לאָקאָמאָטיוונ האָבנ געגוואלדעוועט מיט יאָמערדיקע סאקאָנע־וואָרענענדיקע פײַפנ. א שווערער דונערדיקער זעצ האָט א האמער געטאָנ די ערד. דאָס מיידל האָט אָנגעכאפט אונ צונויפנעדריקט מישעס האנט:

— ווען עס קאָנ עס זײַנ, הא?

מישע האָט צום ערשטנ מאָל באנומענ די שטאָט אזוי ברייט אונ פול, אלע טיילנ פאראמאָל. צייכנס אונ אָפקלאנגענ פונ געראנגל זײַנענ אָנגעקומענ פונ אלע זײַטנ, ס'האָט געשראָקנ אונ געצויגנ. ביז אהער האָט ער געקענט זײַנ ווינקל אונ עטלעכע נייטיקע מארשרוטנ, מער ניט. די גאסנ, דער גאנצער גאנג אינ[ ]דער נאכט איז אימ געווענ פרעמד אונ נײַ, דאָס מיידל האָט געפירט, געשפאנט מיט אָנגעשטעלטנ נעזל. זי האָט נאָכ אלצ געהאלטנ צונויפגעדריקט מישעס פינגער. דער ווינט האָט דורכגענומענ, געקעלטלט אונ געהיצט דאָס לײַב. זיי האָבנ דורכגעשניטנ א גרויסנ ליידיקנ מארק־פלאצ. פונ אָפענעמ הימל חאָט געאָטעמט מיט פרישקײַט, ווי פונ א ריזיקער וואסער. זיי זײַנענ ארופ אפ א בולוואר. די טונקעלע טאָפּאָלנ בא די זײַטנ האָבנ זיכ געוויגט אונ גערוישט. מיט דער גאס איז דורכגעפלויגנ אנ אווטאָ. ווידער האָט אויסגעדונערט א קאנאָנענ־שאָס. דער וועג איז אפ א היפשנ מעהאלעכ געשטיגנ ארופ, פונעמ הויכ־פונקט אונ ווײַטער נידערנדיק צו א טיפ, אפ יענער זײַט באנײַס א הויכעניש. דער טייל שטאָט אינדערמיט איז געלעגנ, ווי א לאנגער טאָל, אפ די ברעג־שיפּוּים באשטאפּלט מיט געוויקסעניש אונ מיט מויער־מאסיוונ. די גאס אינ טאָל איז געווענ באלויכטנ. א באוועגונג האָט זיכ דאָרט אונטנ געזענ, רײַטער האָבנ דורכגעיאָגט, מאָטאָציקלענ. דאָס ייִנגל מיטנ מיידל האָבנ מיט אָנגעצונדענע אויגנ, מיט צונויפגעקייטלטע הענט זיכ צוגעקוקט. ס'האָט ניט אויסגעוויזנ, דאָרט זאָלנ זײַנ אייגענע. קווער דעמ אומבאלויכטענעמ פלאצ פארנ ארײַנגאנג אינ דער הויפּט־גאס האָט מענ געגראָבנ טראנשייענ, געשטעלט צוימענ פונ שטעכעדיקנ דראָט. מיליטערישע האָבנ זיכ דאָרטנ אומגעדרייט, געשימערט מיט גאָלד אפ די אקסלענ.

— קומ ארומ,—האָט דאָס מיידל א צי געטאָנ מישענ פארנ ארבל.—אינדערהייכ זײַנענ אונדזערע. געוויס.

זיי זײַנענ געגאנגענ. דאָס מיידל האָט געשעפּטשעט:

— מײַנ טאטע איז א באָלשעוויק. געווענ אפ קאטערגע. מע האָט אימ פארשיקט, בינ איכ נאָכ געווענ גאָר־גאָר א קליינינקע. איצט איז ער אינ פעטראָגראד אפ א צוזאמענפאָר. דאָרטנ איז לעניג. דאָרטנ איז סאָוועטנמאכט. דאָרטנ האָבנ מיר א גרויסע קראפט, עפּשער א מיליאָנ. אונ אומעטומ. סײַווי...

— וואָס?—האָט מישע מיט הייסנ אָטעמ געפרעגט, געוואָלט הערנ נאָכ.

— סײַווי, אז זיי וועלנ אונדז אפילע דאָ צעקלאפּנ, איז סײַווי וועלנ זיי שוינ לאנג ניט געדויערנ. דער טאטע האָט געזאָגט. אונ ס'איז קלאָר.

— ווי רופט מענ דיכ?

— טאניע.

זיי האָבנ געשטיגנ מיט א פארוואָרפענעמ הינטער־וועג איבער א וויסטנ אָפריס, צע־שניטנ פונ אראָפּלויפנדיקע שטראָמענ פרילינג־צײַט. אונטער די פיס איז געווענ בלאָטיק אונ גליטשיק.

— ווײַז א האנט. דאָ איז שווער,—האָט מישע מײַסע עלטערער פאָרגעלייגט.

— מע דארפ ניט. כ׳קענ אליינ.

זי האָט זיכ בעריעש געדראפעט ארופ, דערבײַ אונטערגעסאָפּעט מיטנ נעזל. ער האָט געשטעלט געהיטע איבערקלײַבערישע טריט. פלוצימ האָט עס געטאָנ א זעצ אונ א קראכ, אז די ערד איז אונטערגעשפרונגענ אונ זיכ אָפּגעשאָטנ, אונ א רויכיקער סטויפ האָט זיכ א ווײַז געטאָנ אינדערלופטנ. ביידע האָבנ זיכ צוגעבויגנ פארטײַעט.

— האָסט געזענ?—האָט דאָס מיידל אויסגעשעפּטשעט.

— ווארט צו,—האָט מישע פאָרגעלייגט.—איכ וועל זיכ אופהייבנ א קוק טאָנ.

— האָסט ניט מוירע?

— נו, יאָ. קומ. נאָר שטיל.

מיט גרויס פאָרזיכט האָבנ זיי זיכ ארופגעשארט. אינדערהייכ האָט זיכ פאר זייערע אויגנ פאָרגעשטעלט א גלײַכער שטעכ, די שטאָטישע הײַזער אָפּגערוקט אינ דער טיפ, פונפאָרנט א לאנג קאזארמעארטיק געבײַ, צוויי הויכע לאמטערנעס איבערנ פלאצ אונ אינ דער באלויכטענער ליידיקײַט—ערשטע באוועגונגענ פונ בעהאָלע, אנ אָנהייב געלויפ, א צעמישעניש, וואָס האָט זיכ גיכ פארשפרייט, פארמערט, דערנענטערט. צענדליקער, הונדערטער זײַנענ געפלויגנ, זיכ צעלאָפּנ, לויפנדיק עפּעס געריסנ, געפליקט בא זיכ פונ די היטלענ, פונ די אקסלענ, צעוואָרפענערהייט געיאָגט, געקײַקלט זיכ אראָפּ, אראָפּ פונ בארג מיט פארשיידענע וועגנ, אנדערע נאָענט פארבײַ, אלע אינ גרויסער צעטראָגנקײַט אונ שרעק

— ווער איז דאָס? הא? די יונקערס? זיי אנטלויפנ,—האָט דאָס מיידל זיכ אָנגערופנ.

פונ דער צווייטער זײַט קאזארמע איז אָנגעקומענ א געפילדער פונ א האמוינ. אפ דער צווייטער זײַט קאזארמע האָבנ פונ צעעפנטע טירנ ארבעטער געטראָגנ געווער. עמעצער האָט געשריִענ, געאָרדנט די מאסע אינ אָפּטיילנ. „נא!“ האָט מישע אינ געטומל באקומענ אינ דער האנט ארײַנ א ביקס. מע האָט אימ אונטערגעשטופּט, געטאָרעט פאר אנ אקסל, געשטעלט אפ אנ אָרט. טאניע איז לעמ אימ ניט געווענ. ער האָט זיכ געצויגנ ארופ, אריבערגעקוקט איבער די קעפּ. זי איז ניט געווענ, פארמישט, אויסגעמישט אינ דער גרוי־סער מאסע, וואָס איז אײַליק אינערגעצ אוועק, אינ דעמ, ווי ער, מישע, מיט א קליינעמ אָפּטייל איז צוליב עפּעס געבליבנ באזונדער. ער האָט געוואָלט נאָכלויפנ די אוועקגעגאנגענע, נאָר ער איז געווענ פארענגט אינ א ריי, פונ אלע זײַטנ איז מענ געשטאנענ. אונ באלד האָט מענ זיכ שוינ באוועגט פאָרויס ערגעצ דורכ פינצטערניש, דורכ פוסטעניש. מישע, אינדערמיט, האָט דעמ וועג ניט געזענ, ווו ער שטעלט די טריט. ס׳האָט אימ געטראָגנ, כאָטש דעמ גוף האָט עס געשלעפּט צו פארקערעווענ אפ צוריק, אהינ, ווו ער האָט פארלאָרנ דאָס מיידל—טאניענ. ער האָט צונויפגעדריקט די ביקס מיט דער דלאָניע, געטאפּט, ווי ניט זיכער, אז ער האלט זי, פארכידעשט, ווי קומט זי צו אימ.

מע האָט אראָפּגענידערט צומ גרויסנ טײַכ, ארופ אפנ בריק. מישע איז שוינ לאנג אפ דעמ בריק ניט געווענ. פײַערנ האָבנ באשײַנט דעמ ציכטיקנ בעטאָנירטנ דורכפאָר מיט די טשוהונענע געפלאָכטענע פאָרענטשעס. די כוואליעס אונטנ האָבנ געטונקלט, געבליאסקעט, הארב געררוישט, געבלאָזנ מיט קעלט. ווײַט רעכטס אונ לינקס האָט די טיפ געאָטעמט מיט

אומזיכטיקע וואסערן. דער ווינט האָט געפּײַפט אין די באגנעטן. מ׳איז געגאנגען שווײַגנ־דיק און גיך.

ווידער האָבן זיך אים אָנגעשארפט אַלע כושים צו זען און צו הערן דאָס, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט און ניט געזען. מיט זיי איז געווען איינער א נידעריקער מיט ברייטלעכע פּלייצעס. א שאָכן האָט אונטערגעזאָגט: „כאווער קאָנדראט פון רעווקאָם“. מישע האָט אים נאָכגעשפּירט, געזוכט צו באמערקן, צו דערפילן וואָס איז מיט אים דער מער.

נאָכן בריק האָט מען זיך גענומען אין א זײַט. זאמד, זאמדיקע דיונעס, באוואקסן מיט פּײַכטע לאָזע. נאָכדעם וואלד. אין וואלד א שטילע אײַזנבאן־סטאנציע. א לאנגער עשעלאָן, געציילטע טעפּלושקעס האלב אופגעמאכט, די איבעריקע פארוקט. ארום עטלעכע נידעריקע שײַטערן קארגע הײַפלעך ארמייער. „לייג זיך, . אז מע וועט שיסן, ניט ענטפערן“, איז געווען דער באפעל. ווער זײַנען די אָ אין די וואגאָנעס, וואס דארף באלד זײַן? האָט מישע ניט געוווסט, ניט געפרעגט. ער איז געלעגן און געקוקט. אַלע האָבן זיך אויסגע־לייגט. נאָר דער פאָרשטייער פון רעווקאָם איז געבליבן שטיין.

— כאווײרים!—האָט ער מיט א הויכן קאָל אויסגערופן אין דער נאכט אריין.—ברידער סאָלדאטן!

פון אנטקעגן האָט מען געשוויגן. די ארמייער בא די שײַטערן האָבן נאָר אויסגעדרייט די פּענעמער און זיך אײַנגעקוקט אין דער פינצטערניש. זיי האָבן ניט אויסגעוויזן צו זײַן זייער פארוואונדערט. זיי האָבן געוואַרט. דער פאָרשטייער פון רעווקאָם האָט ווידער אויס־געשריען א פּאָר זאצן און צום סאָף:

— ברידער סאָלדאטן, איר הערט, וואָס מיר ריידן צו אײַך?

— מיר הערן! מיר הערן!...—האָבן שטימען אָפּגעענטפערט.

שינעלן האָבן גענומען ארויסקריכן פון די וואגאָנעס מער און מער—ניט געכאפּט, פארשלאָפן, ברייט גענעצנדיק מיט ריזיקע־מײַלער. דער רעדנער איז צו נעענטער. ס׳איז שוין געווען קלאָר, אום וואס דאָ גייט. דעם עשעלאָן האָט מען ארויסגערופן קעגן די היגע ארבעטער. דער פאָרשטייער פון רעווקאָם האָט נאָך אלץ געשריגן פונדערווײַטנס. וואָס וויל די נײַע מאכט? שאָלעם, ברויט, ערד. א סאָף צו דער בלוטיקער עקספּלואטאטע־רישער וועלט...

— איז ווי, ברידער סאָלדאטן, פּראָלעטאריער, פּויערים אין מיליטערישע קליידער. איר האָט קוילן, גראנאטן אין אײַערע הענט, איז ווהין, אם וואָסער זײַט קלערט איר פאר־קערעווען אײַער קויעך?

— אהיים! האָט זיך דערהערט א קאָל.—מיר קלײַבן זיך פארקערעווען אהיים!

— וואָס שטייסטו און שרײַסט פאר א האלבער וויאָרסט? — האָט מען אײַנגעלאַדן. קום צו. מיר בײַסן זיך ניט.

— גיי דרייסט. האָב קיין מוירע ניט.

דער פאָרשטייער פון רעווקאָם איז צוגעגאנגען צו די שײַטערן מיט גיכן טראָט און באגלייט פון זײַן קליינעם אָפּטייל. אפן טרעפּל פון קלאסנעם וואגאָן האָט זיך באוויזן א מענטש אין לעדער.

— וואָס זײַנען עס פאר א פארזאמלונגען אינמיטן דער נאכט? ווער זײַנען די אומגע־בעטענע געסט? איך הייס ארעסטירן!

— ווער איז ער?—האָט דער פאָרשטייער פון רעווקאָם שטיל געפרעגט.

— פון קאָמיטעט. מיר רעכענען זיך דיסציפּלינירטע.

— קלאָר. דער קאָמיטעט מוז גלײַך אפּן אָרט איבערגעקליבן ווערן.

— אינמיטן נאַכט?

— טײקעפּ. קײן רגע ניט געהײַעט.

ס'איז געוואָרן א גערדרענג, א צעמישעניש. די דריטע ראָטע ווארגט איר קאָמאנדיר. די קוילנוווארפער, די קוילנוווארפער ווו זײַנען? זײ זײַנען אוף, זײ שטײען בא די מאַשינעס, זײ בּאראטן זיך באזונדער, לאָזן קײנעם ניט צו. נאָך ניט באוווסט זײער באשלוס. די לערן־קאָמאנדע איז פאר קערענסקין. בא אלע וואגאָנעס א זשום, א פּאָכן מיט געווער, געשרײען: גאָט, מאמע, בלוט!... אין צערודער נאָך מער אופגעראמט, ניכטער און פארגלויבט, האָט כאווער קאָנדראט מיט קורצע פאראָרדענונגען צו די נעענטער־שטײענדיקע, פארטרוילעך, ווי אז מע האָט צו טאָן מיט אײגענע און זיכערע, זיך געשאפט, און מע האָט אים געפאָלגט. מישע האָט א פארציטערטער אָנגעקוקט די פארענדערונגען, וואָס לויפן פאר זײַנע אויגן מיט אזא וווּנדערלעכער נאטירלעכקײַט, קויכעס דערשײַנונגען עפענען זיך, רוקן זיך איבער, פארשווינדן און ווערן, וואקלען אפּ זײערע וואָגשאָלן לעבן און אומקום. דער גאנצער עשעלאָן איז געווען אפּ די פּיס. אפּ אן אומזיכטיקער טריבונע צווישן קאָכנדיקן אוילעם—דער כאווער קאָנדראט.

— ניטאָ מער די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע צײַטווײַליקע רעגירונג. זי איז טויט. פאראן א רעגירונג פון ארבעטער־ סאָלדאטן־ און פּויערים־דעפּוטאטן, און קײן שום קראפט אין דער וועלט וועט זי ניט אײַנברעכן!"

דערנאָך האָט גערעדט א סאָלדאט און נאָך א סאָלדאט און ווידער און ווידער ביז טיפּ נאָך האלבער נאכט.

מ'איז געגאנגען צוריק.

די רויטגווארדײער האָבן זיך לעבהאפטיק איבערדערצײלט דאָס געשעענע. מישע האָט געשוויגן. דאָס, וואָס איז אָקאָרשט פאָרגעקומען, האָט ער נאָכאמאָל געהערט, ווי נײַס, ניט געקענט זאט זיך אָנהערן. די הײם האָט זיך אָפּגערוקט, פארוקט ערגעץ אין א ווינקל געדאנק. די פינצטערניש, דער פײַכטער ווינט איז אים פאָרגעקומען, ווי אין פריִען פרילינג. אלץ אין דער נאכט, אזוי האָט אויסגעוויזן, קוועלט אָן מיט פרילינגדיקן זאפט—די בײמער, די ערד אונטער די שטײנער, זײַנע פלײצעס, זײַנע הענט און פיס.

מ'איז געגאנגען צוריק, בארג־ארופּ, מ'איז ארויסגעקומען צו א באלויכטענעם געלן פאלעץ מיט ווײַסע קאָלאָנעס. אויבן פאר דער טיר איז געשטאנען א וואך, א קוילנווארפער אפּ רעדלעך אָנגעשטעלט דעם פּיסק. אפּ די שטײנערנע טרעפּ בא בײדע זײַטן פונעם ברײטן ארײַנגאנג זײַנען געזעסן ארבעטער, מערסטנס באיאָרטע, מיט אויסגעהאָרעוועטע, גריבערדיקע פּנעמער, די ביקסן אופגעשטעלט העכער די קעפּ. אנדערע האָבן געדרימלט. שווײַגנדיקע און ערנסטע האָבן זײ אויסגעזען, ווי באפאנצערט מיט צוגעזשאווערטן שטאָל, וואָס איז שוין ניט ווינציק אומוועטערן אויסגעשטאנען.

מישע האָט זיך צוגעזעצט. זײַן קאָמפּאניע האָט זיך צעזײט. ער איז געבליבן אײנדרויסן אלײן. ס'איז געווען טיפּ אין דער נאכט. פײַפן פון צוגן ערגעץ אינדערנידער זײַנען זיך צונויפגעקומען דאָ איבערן בארג, אינדערהײך, אונטערן פינצטער־געכוואלעטן הארבסטיקן הימל, זיך צונויפגעקומען, זיך פאנאנדערגעגאנגען, וועגן עפּעס זיך איבערגערופן, דערצײלט אפּ זײער שפּראך. פון צווישן די קאָלאָנעס האָט זיך שוין לאנג קײנער ניט געוויזן, נאָר מע האָט געשפּירט, עמעצער איז דאָ, עמעצער האלט אָפּן די אויגן

דאָרט אינ די צימערנ. דער קאָפּ האָט זיכ מישענ געבויגנ. פּאסעקלעכ שלאָפּ זײַנענ אפ אימ אָנגעפאלנ, געמעקט דעמ באוווסטזײַנ, אונ אינעווייניקסטע וואָרעמונגענ האָבנ אימ קעסיידער אופגעטרייסלט, אופגעריסנ. אינ איינעמ פונ די בלויזנ זײַנענ די באוואָפנטע פונ ארומ אימ ערגעצ ניט געוואָרנ. אפנ פלאצ פארנ ארײַנגאנג איז געווענ שטיל. ווידער אונ ווידער האָט אפ א ווײַטער גאס אינ דער ליידיקײַט צווישנ אופבראָמענדיקע ווענט אופגעוואכט א קרעפטיקער גערויש פונ אנ איינזאמער דורכיאָגנדיקער מאשינ. נאָכדעמ איז אלצ פארזונקענ, ווי אינ א ברונעמ ארײַנ.

קאלט, ווי פונ זיכ אליינ, ווי קיינ זאכ וואָלט ניט געוועקט, ווי ער וואָלט גאָרניט געווענ אײַנגעשלאָפנ, האָט מישע געעפנט די אויגנ, פארכידעשט אפ באוועגונג אונ רייד, אפ עפּעס געשעענס, וואָס ער האָט גאָרניט געהערט, וויִאזוי ס׳האָט זיכ דערנעענטערט אונ זיכ פארשפּרייט ארומ אימ.

עטלעכע באוואָפנטע האָבנ צוגעטראָגנ א קערפּער אפ די הענט. זייערע טריט זײַנענ געווענ אָפּגעהיט, זייערע פּנעמער שטרענג. זיי האָבנ זיכ אופגעהייבנ מיטנ קערפּער אפ די טרעפּ אונ פארבײַ דער וואכ ארײַנ אינעווייניק. מישע איז זיי נאָכגעגאנגענ. ער האָט געקוקט, געזעענ אונ א מינוט לאנג ניט פארשטאנענ, וואָס ער זעט. נעענטער, ווי א שוועסטער, האָט זיכ פאר זײַנע אויגנ געהוידעט א באקאנטע געשטאלט: געדיכטע ברוינע ברעמענ, א ברוינלעכ־גרוי האָריק זשאקעטל, א שווארצ קליידל, אביסל נידעריקער פונ די קני, געטאָקטע פיס אינ האלבע שיכלעכ, אינערגעצ ניט גערירט, נאָר די פארבנ אינעמ קײַלעכדיקנ קימאט קינדערשנ פּאָנעמ — אנטפאלנ. אינ די גערוימע קאָרידאָרנ איז געווענ אָנגעסליאָטעט פונ אסאכ שטיוול־טריט. זיצנדיק אפ דער ערד צוגעשפּארט צו די ווענט, איז מענ דאָרט געשלאָפנ מיט די ביקסנ אינ די הענט. דערוואכטע האָבנ זיכ אופגעשטעלט אונ אײַנגעהאלטנ, בלויז מיט די בליקנ באגלייט די שטילע פּראָצעסיע. טירנ זײַנענ געווענ אָפנ אינ גרויסע צימערנ ארײַנ. אינ א זאל מיט א געמאָלטער סטעליע האָבנ זיכ געזענ צונויפגעשטעלטע פאָנענ, אראָפּהענגענדיקע רויטע לײַוונטנ, גאָלד־גענייטע אופשריפטנ, פײַער־לעכע אונ לעבעדיקע אינ דער ליידיקער באלויכטנקײַט. מענטשנ בא טעלעפאָנענ האָבנ ניט אופגעהערט צו שרײַענ, וואָרענענ, איבערפרעגנ, באפוילנ. ס׳האָט זיכ באוויזנ דער כאווער קאָנדראט נידעריק אונ ברייטפּלייציק, טונקל, ווי באדעקט מיט בלײַערנעמ שטויב. עמעצער האָט זיכ אײַנגעבויגנ אונ פארלייגט דער געהארגעטער די הענט אפנ הארצנ. מענטשנ זײַנענ געשטאנענ, זײַנענ אוועק. אנדערע זײַנענ ארײַנ. קיינער האָט ניט געוויינט. א גרויער מיט א זײַדיש־טרויעריקנ פּאָנעמ האָט מיטפילנדיק א פרעג געטאָנ בא מישענ:

— דײַנע א קאלע?

— ניינ.

— כ׳האָב געמיינט... אזא יונגנט... ווער איז זי געווענ?

— איכ... ווייס ניט... נאָכדעמ שטיל צוגעגעבנ: — טאניע... האָט זי געהייסנ.

— טאניע... האָט דער אלטער איבערגעזאָגט, ווי ער וואָלט וועלנ פארגעדענקענ דעמ נאָמענ.

נאָכדעמ האָט זיכ לעמ מישענ צוגעשטעלט א קענטלעכער, זײַנ שאָכנ אינ דער ריי, ווענ מע איז געגאנגענ אפ יענער זײַט בריק צומ עשאלאָנ. א ווײַלע האָבנ זיי אײנינעמ געקוקט אפ דער אומגעקומענער.

— כאווער״, האָט יענער זיכ אָנגערופנ שטרענג. — גענוג. מע דארפ גיינ.

מישע איז מיט אימ ארויס.

— מע דארף האָבן עטלעכע אירע אפ אן ארבעט. פאָר מיט אונדז.

א פראכט־אווטאָמאָביל מיט פארלאָשענע פײַערן האָט זיי געיאָגט איבער פינצטערע גאסן. אפן בולוואר האָבן פיגורן מיט אופגעהייבענע שטעקנס געצויגן א שנור איבער סטויפעס און טויערן. „שטיי!"... דער שאָפער האָט אָפגעשטעלט. א פאָר זײַנען אראָפּ געווויר ווערן. „כעוורע דרעמלען ניט", זײַנען זיי צוריק געקומען מיט א באריכט. „פארבינדן דעם ארטפארק מיטן רעווקאָם. שמײַס ווײַטער", און די מאשין האָט א ריס געטאָן פאָרויס.

ס'האָט געשלײַדערט, געשניטן קעגן ביטערן ווינט, ניט צו זיצן, ניט צו שטיין. אין טרייסלעניש, צווישן אונטערשפרינגענדיקע שאָטנס האָבן זיך מישען א שאָט געטאָן די לאנג אײַנגעהאלטענע טרערן שטורעמדיק ניט אײַנצוצאמען און אלץ פאר די אויגן פארוויקלט מיט א שווינדלענדיקער נעץ. אז ער האָט זיך ארומגעזען, איז געווען עק שאָט, פעלד, צווישן פעלדישער פינצטערניש—א לאנג נידעריקער געבײַ אין ליכט פון אן איינציקן לאמטערן, פוסט ארום, נאָר געציילטע סאָלדאטן פון קאראויל פאר אן אָפענער טיר. דאָ האָט מען זיך אָפגעשטעלט.

— וויל, וואָס איר זײַט געקומען. נעמט,—האָט מען זיי באגעגנט.

קעסטלעך און קעסטלעך פאטראָנעס, בונטן מיט ביקסן האָט מען ארויסגעטראָגן און געלאָדן אפן אווטאָ. מיט דער לאָד איז מען ווידער ערגעץ געפאָרן—אין עפעס א פאבריק מע האָט דאָרט געוואַרט, געעפנט פאר זיי דעם טויער, געפירט אין א טיפן הויף ארײַן איבערגענומען דאָס געווער.

— פארטאָג נאָכן הוראָק צעטיילן מיר, — איז אין דער טונקל אין דער שטיל געווען א פרייד.—צוויי הונדערט זײַנען פארשריבן און ס'וועט זײַן מער.

אין זײַן פארוואָלקנטקײַט האָט זיך מישע ניט ארומגעזען, ווי ער איז געבליבן אליין, ווי א טייל פון דער קאָמפאניע האָט ניט געסטײַעט צווישן דער מענגע פארלאָשענע פאבריק־ווענט; א פאָר אנדערע האָבן זיך ארופגעכאפט אפ דעם אָפפאָרנדיקן אווטאָמאָביל מישע איז אים נאָכגעלאָפן עטלעכע טריט, נאָר שוין פארשפעטיקט. זיי זײַנען אוועק. מישע האָט זיך ניט גאָר אויספירלעך פאָרגעשטעלט, ווו געפינט ער זיך, אייגנטלעך, וווהין, וויאזוי ארום האָט ער זיך פונדאנען צו נעמען. מע האָט קיין נעפעש ניט געזען.

ער איז ארויס צו דער טראמוויי־ליניע. ווײַטער איז שוין דער וועג פאר אים געווען קלאָר—צוריק צום בארג, צום הויז מיטן שטיין־געפלאסטערטן ארײַנגאנג.

א סרייפע האָט־אופגעהייבן צו דער כמארע רויכיק־פײַערדיקע טאָוולען און פון איבער דעכער געוואָרפן. א רויטלעכקײַט אפ די אומרויִקע ביימער. פון ערגעץ טיף האָט די שטאָט אלץ נאָך אופגעשריגן מיט שאָסן, מיט מענטשן־קוילעס, מיט דורכפליִענדיקן ראש פון באוועגונג. שפעטער איז צוגעפאלן א שטילקײַט, א סומנע שטילקײַט, און די לעצטע שפיזלעך שײַן זײַנען אײַנגעזונקען געוואָרן. ס'איז געווען דער טויבסטער פאס פינצטערניש, ווען די נאכט א שאָ פארן סאָף שטעלט זיך אָפ אין איר גאנג אײַנגעשפארט און גליווערדיקשווער.

אפן נאָענטסטן ראָג איז עמעצער ארויס הויך און גרויז, ארויס, זיך אָפגעשטעלט אויסקוקנדיק, ווי א גרויסע רויב־כײַע ערגעץ עק וואלד, גרענעץ־יִישעוו. א הויכער מיט גראָדע אקסלען איז ער געשטאנען, שווײַגנדיק און קארג באוועגלעך. נעענטער האָט מישע דערקענט דעם העל־גרויען אָפיצערן־מונדיר און מיט א טיאָכ דורך אלע אָדערן זיך פארטײַעט. די פיגור אפן ראָג האָט פריִער אזעסדיק, פאמעלעך אויסגעדרייט דעם קאָפּ אפן געהילכ

פונ די אָנקומענדיקע טריט. דערנאָכ פונקט אזוי ניט־געכאפט ארויסגענומענ דעם נאגאנ, מיט געווינטער האנט אָנגעצילט אונ פאראכטלעכ סײַ צו דער געפאר, סײַ צו דעם נעפעש דאָרט אינ דער פינצטער האָט ער אויסגעשאָסנ איינס אונ נאָכ איינס. מישע האָט געהאלטנ די ביקס צונויפגעדריקט מיטביידע הענט, זיכ ניט גערירט, נאָר טיפ געאָטעמט. אנ אײַזיקע קעלט איז הארב אופגעגאנגענ אינ זײַנ קערפער אונ פארפילט ביז אונטערנ גומענ. ער האָט זיכ א נעמ געטאָנ פאָרויס.

— צום טײַוול, ווער איז דאָרטנ, א טויבער? — האָט דער העל־גרויער אויסגעהאריקעט א צערייצטער אונ נאָכאמאָל אויסגעשאָסנ. מישע האָט זיכ ניט אָפּגעשטעלט, זיכ ניט פארבויגנ. שטומ איז ער אָנגעגאנגענ אפ דער פיגור אונ מיט א קויעכ, וואָס איז אימ אלײנ ניט באוווסט געווענ, מיט איינ מוירעדיקנ זעצ ארײַנגעהאקט זײַנ באגנעט אונ א שלעפּ געטאָנ אימ צוריק צו זיכ אינײנעמ מיטנ גופ, וואָס איז אנ אײַנגעבראָכענער אומגעפאלנ פאר זײַנע פיס. צום ערשטנ מאָל אינ לעבנ האָט ער געהאלטנ געווער, אונ ער האָט ניט געפעלט, פונקט די נייטיקע באוועגונג איז שוינ פונ לאנג אָנ פארגרייט געווענ אינ זײַנ האנט.

מישע האָט אָנגעקוקט דאָס געשעענע. ס'איז געלעגנ פאר זײַנע אויגנ גרויס אונ גרוי־ אונ פרעמד, ווי א בייזע כאָלעמ־געשטאלט. ער האָט זיכ אָפּגעקערט אונ איז אוועק ווײַטער זײַנ וועג.

אפנ פלאצ פארנ ארײַנגאנג אינ רעווקאָמ איז געווענ פוסטלעכ. א מאשינ איז צוגעפאָרנ. דער שאָפער איז געבליבנ זיצנ אפ זײַנ אָרט אָנ מינדסטער באוועגונג, מיט אָפענע אויגנ, אונ דער מאָטאָר האָט ניט אופגעהערט צו קלאַפּנ — כאָרכלענדיק, אומרויִק־מאט, ווי דאָס וואָלט געקלאפט דאָס הארצ פונ דער שטאָט אינ דער שפעטער סאָפ נאכטיקער שאָ. אינ עקסטנ צימער איז קיינער ניט געווענ. נאָר טאניע אפ דער ערד. מישע איז צוגעגאנגענ נאָענט, אָנגעבויגנ דעמ קאָפּ בעסער זיכ צוצוקוקנ, פארגעדענקענ...

אז ער איז ארויס אינדרויסנ, איז דער טונקל געווענ בלוילעכ. אינ דער פארטאָגעדי־ קער בלוילעכקײַט איז געבוירנ געוואָרנ א הודאָק, א הודענדיקער רופ, אנ ערשטער, אנ אָנזאָגער. אלייג דער סאָפ נאכט האָט אימ, דאכט זיכ, געבוירנ. דערנאָכ איז אָנגעקומענ א צווייטער, אנ ענטפער, אז מע איז דאָ, מע איז וואכ. דערנאָכ א דריטער, א פערטער אונ מער אונ מער, פונ אלע זײַטנ, פונ גאָר נאָענט אונ פונ טיפער ווײַט, פונ מיט שטאָט אונ פונ ברעג שטאָט. קוילעס טויבע אונ אלטע, ווי די מענטשלעכע קנעכטשאפט, ווי געיאָמער פונ שלאָפ, אונ קוילעס הויכ־פלאטערנדיקע יונגע אונ הילכנדיקע — אלע צונויפגעגאָסנ אינ איינ מעכטיקנ פילקלאנג, דורכנעמענדיק ווענט, אנדערש, ווי אינ אלע געוויינ־ לעכע פארטאָגנ. ס'איז געווענ אנ אומרו־אליארמ, א שאלנ צו געווער, א מעלדונג צו א קלאס, אז די שאָ פונ אנטשיידנדיקער שלאכט האָט געשלאָגנ. מישע האָט זיכ אָפּגעשטעלט פונעמ אָרט. ער האָט זיכ געלאָזנ גיינ. ער האָט ניט געוווסט דעמ מיינ פונ דעמ אופרופ אונ איז דאָכ פול אונ איבערפול געווענ מיט זײַנ באטײַט. ער איז געגאנגענ מיט פײַכטע אויגנ א צעבויטעטער ביז צו די גרונטנ, אינגאנצנ געהער, אינגאנצנ אופגערודערטער ענטפער. נאָכדעמ איז געוואָרנ שטיל, אונ טריט האָבנ אופגעוואכט אינ דער שטילקײַט, טויזנטער אונ טויזנטער טריט, אינ בראָכ פונ טונקל צו ליכטיקײַט — מאנסבילנ אונ פרויענ ארויסגעקומענע פונ פארשיידענע עקנ, פונ צעוואָרפנקײַט אינ גאס אונ הויפנ, קעלערס אונ ווינקלענ, גיכ אונ ערנסט אײַלנדיקע מיט צענער מארשרוטנ, אלע איינ געדאנק. מישע האָט געהערט די טריט, געפילט די גרויסע געמיינזאמקײַט פונ דער צעזייטער געיינצלט

זיכ באוועגנדיקער מענגע אונ א געפאנגענער בא דעמ געפיל געבליבנ אָפּגעזונדערט אלײנ. ער איז געגאנגענ אהײמ.

ער האָט געעפנט די טיר. אינ צוגעדעמפטער טאָגלעכ־גרויער דורכזיכטיקײַט האָט אימ באגעגנט די מוטער, דאָס שוועסטערל, שווארצלעכע פאר א נאכט ניט וויסנ אונ שרעק. ער איז ארײַנ מיט דער ביקס אונ אפ זייער פלאטער צו אימ גאַרניט געזאָגט, נאָר א היציקנ גלעט געטאָנ איבער די אקסלענ, איבער די קעפ אונ זיי ביידנ צוגעדריקט צו זיכ.

— שפעטער,—האָט ער געבעטנ.—שפעטער... צופיל צו דערציילנ.

ער האָט זיכ ארומגעוואשנ. ער איז געזעסנ באמ טיש, געגעסנ דאָס ברויט, אונ די מוטער האָט אימ באדינט אונ נאָכגעקוקט זײַנ יעדנ קער. ער איז געווענ דערזועלבער, ווי זי האָט אימ געקענט, ניט געמינערט, ניט געשעדיקט אונ פאָרט אנ אנדערער. ער איז אופגעשטאנענ. זײַנ קאנטיק געפורעמט לענגלעכ פאָנעמ איז געווענ אפילע שענער, ווי אלעמאָל, נאָר בלייכ, זייער בלייכ. ער האָט זיכ ניט געזעצט צו דער ארבעט, ווי ער איז עס געווינט געווענ צו טאָנ אלע אינדערפרי. ער האָט גענומענ די ביקס אינ דער האנט אונ איז געבליבנ שטיינ פארטראכט.

— וואָס איז געשענ?—האָט די מוטער ניט אויסגעהאלטנ.—אונ אָט דאָס אָ—האָט זי אָנגעוויזנ אפנ געווער,—ווי קומט עס צו דיר?

— שפעטער,—האָט ער זי אײַנגעשטילט.—שפעטער... איכ בינ מיד. איכ מוז זיכ צולייגנ.

ער איז געלעגנ איבערגעדעקט, א דורכגעפרוירענער.

— מאמע,—האָט ער זיכ דערמאָנט שוינ האלב־פארטרונקענ.

זי איז צוגעלאָפנ.

— לאָז מיכ ניט שלאָפנ לאנג. אינ א שאָ, אינ צוויי שאָ ארומ וועק מיכ אופ...

— וואָסי, ווהינ, וואָס איז מיט דיר?—האָט זי געצאפלט איבער אימ.

— וועק מיכ אופ, איכ דארפ... איכ דארפ גיינ...

סאָרע באַרקאַן (ניויאָרק)

# מײַן קונקי איז בערויגעז

(א נעגער־וויגליד)

שלאָף, מײַן ברוינע שוועלבל
אָטאָ וועל איך דיך פארוויגן,
ו—י—ג—ן,
ביסט אף מיר בערויגעז,
יא, ס'איז ניט קיין ליגן,
ל—י—ג—ן,

אף דײַנע ברוינע בעקלעך
ליגן בלויע טרערן,
ט—ר—ע—ר—ן.
זינג איך דיר א לידל
ווילסטו מיך ניט הערן,
ה—ע—ר—ן.
דרײַסיק זעק מיט באוול
האָב איך הײַנט געקליבן,
ג—ע—ק—ל—י—ב—ן.
ביסטו דאָך, מײַן קונקי
אליין אין הויז געבליבן,
ג—ע—ב—ל—י—ב—ן.

ווײַן, ניט, קונקי מײַנער,
האָב ניט קיין פאריבל,
פ—א—ר—י—ב—ל.
וועסט אויך מאָרגן בלײַבן
איין־אליין אין שטיבל,
ש—ט—י—ב—ל.

דרעמלט אײַן מײַן שוועלבל,
ליגט עס שטילערהייט,
ש—ט—י—ל—ע—ר—ה—יי—ט.
זינג איך אים א לידל
פון א שיף מיט ברויט,
ב—ר—ו—י—ט!

# לידער

## באַם מיקראָפאָן

צעבויטע איך לופט אין כוואַליעס קלאָרע.
ס׳איז מענעריש פעסט איצט מײַן קאָל.
כ׳דערצייל וועגן בלייקן קאָרן,
כ׳דערצייל וועגן פליסיקן שטאָל.

דערפלעך ווײַטע מיך הערן,
עס הערן מיך שטעטלעך און שטעט.
ס׳איז אָוונט, און ס׳הענגען איצט שטערן
אַפ הימלשן בלויען געוועב.

אַפ גאַנעק, לעם קליינינקן טויער,
אין שטעטל, אין גרינעם וואָלינ,
דײַן מאַמע שטרענגט אָן איצט איר אויער
און הערט, און דערקענט ניט מײַן שטים.

זי הערט, ווי כ׳דערצייל וועגן אַרבעט,
איך רייד וועגן דיר איצטער אויך.
ווערטער אַי צאַרטע, אַי האַרבע
זיך קײַקלען, ווי שטערן אין הויך.

עס ווילט זיך מיר ריידן אָן אופהער,
דערציילן אַזוי אָן אַ שיר
פאַר ווײַטע, פאַר טײַערע דערפער,
פאַר שטעטלעך, פאַר שטעט און פאַר איר.

מיר דאַכט זיך: איך בלי, ווען איך רייד וועגן קאָרן
און שטרענג ווערט מײַן שטים, ווען כ׳דערצייל וועגן שטאָל.
צעבויטע איך לופט אין כוואַליעס בלויע און קלאָרע
מיט שטאַרקן, מיט מיידלשן קאָל.

* *
*

ערגעץ אין דאָרף, בא א װאַרעמער הרובע
פלעג װעבן פּאַמעלעך א פּויערטע לײַנ...
איך בא מײַן שפּינראָד—איך װיקל איצט פּאָדעם
און ס'דאַכט זיך: עס װיקלען זיך קנױלן מיט שײַנ.

עס לױפן די פעדים, מײַן שפּינראָד זי דרייט זיך,
עס קען זי קאַם אָניאָגן אײַליקער בליק.
כ'שטרענג אָן מײַנע קױכעס.
דאָס האַרץ מײַנס—עס פרײט זיך,
מיט באַװל אײנײנעם זיך װיקלט א גליק.

פאַר האַנטעך פאַר ציכטיקן כ'װיקל איצט פּאָדעם
און איך בין צופרידן, װאָס שװייסיקע הענט
פון ברידער אַף פעלדער, אין שאַכטעס, זאַװאָדן,
פון ברידער, װאָס ברענגען אונדז ברויט און צעמענט,
װעלן נאָך אַרבעט נאָך שלאָגלעריש-שטרענגער
צום פוכיקן האַנטעך זיך צוטוליען צאַרט...

---

## מײַן ערנװאָרט

אָט אַזױ... עס האָט מיך ניט געאַרט,
װען איך האָב אים באַגעגנט מיט א צװייטער...
עס האָט א װינט די האָר מײַנע פאַרשאַרט,
און איז אַהײם געגאַנגען מיך באַלײטן.

א בלױער אָװנט איז געלעגן בא די פיס
און װינט האָט, װי א כאַװער מיך געצערטלט...
מיט יעדן דורכגייער כ'װאָלט איצטער זיך געגריסט,
פאַר יעדן פרעמדן כ'װאָלט געפונען איצטער װערטער.

ניט װעגן דעם, אַז מיט א צװייטער כ'האָב געטראָפן
מײַן פרײַנט מײַן טײַערסטן, כ'װאָלט יעדערן דערצײלט.
נאָר
הײַנט באַטאָג, א דורכרײַס אַף קאַרטאָפל
האָט מײַן בריגאַדע שטורמעדיק פאַרהײלט.

אוג נאָכ וואָלט איכ דערציילט:
ס'איז גרייט שוינ מײַנ „זאטשאָט"
ווענג אָנגעשטרענגטנ קאמפּ פונ קלאסנ.
א בלויע נאכט געהאנגענ איז אפּ שטאָט,
א וואָרעמקײַט געלעגנ איז אפּ גאסנ.

א בלויער ווינט האָט שטיפעריש געלאכט
אונ ווי א כאוער מיכ אוועק אהיימ באלייטנ...
מײַנ ערנוואָרט—ס'האָט הײַנט מיכ ניט געארט,
ווענ איכ האָב אימ באגעגנט מיט א צווייטער!

## כ. מאלטינסקי

* * *

גיי איך שטאָלץ, מע זאָל ניט וויסן,
דעם געקרויטן קאָפּ פאריסן.

כ'האָב געהאט א גרוס א קלאָרן:
האָסט א טאָכטערקע געבאָרן!

און דײַן מאן א יונג א בראַווער,
און דאפקע ניט קיין קוטשעראַווער.

ווערט ער, מײַן פארדראָס, צערונען —
כ'זע דיך הײַנט אין זיבן זונען.

און איך שיק א טעלעגראמע:
א געגרוס דיר יונגע מאמע!

יודל יאָפע

# אפ טרעפ צו העכערס

(סאָפ)

6

איינמאָל אינ א פולנ אָנגעטראמבאָוועסנ טראמוויַ איז שורע לאָפאטינע געשטאנענ שטארק צונויפגעפרעסט, נאָר אינ איר הארצנ איז גראם אונ פריידיק געווענ, ווײַל די גיליאָטינע־מאשינ איז איר לײַבלעכ ווי א שוועסטער געוואָרנ אונ געהאָרכזאם ווי א קינד. זי האָט נאָכ איצטער איינ באגער געהאט — דער טראמוויַ זאָל זיכ אינ ערגעצ ניט פארהאלטנ, ווערט זי כאפנ נאטאשענ בא דער האנט, ווײַל הײַנט דארפ זי אפ געווים זײַנ ארום איר רײַעטשקענ, אונ זי ווארט ניט אפ איר אומגעריכטנ קומענ.

עמעצער האָט א האנט אפ איר פלייצע ארופגעלייגט. זי האָט זיכ א כאפ געטאָנ אונ באמערקט דעמ כאווער סלאדקאָוו. א בונטע פארב האָט זיכ אויסגעגאָסנ אפ איר פאָנעם.

סלארקאָוו האָט מיט שמאָלע פאמיקלעכ־אויגנ געקוקט פארגאפט אונ פארכידעשט געפרעגט זי:

— ווערסט גאָר, שורע, ניט זײַנ אפ דער פארזאמלונג, ווערסט דאָכ געשטעלט צו פרעמירונג הײַנט.

זיי זײַנענ ביידע אראָפ אפ דער ערשטער אָפשטעלונג. ער האָט זיכ געמוזט אײַלנ, נאָר די פיס האָבנ פארקלענערט דעמ טראָט. זײַנע אויגנ, וואָס האָבנ זיכ געריסנ צו דער גיליאָטינע־מאשינ, ווו זי שורע האָט געארבעט, האָבנ זיכ איצטער אײַנגעגעסנ אינ איר יונגער ווײַבלעכער שיינקײַט, אונ דאָס הארצ האָט געמאָנט:

— פרעג זי, ווענ איז זי אינדערהיימ, צי קענ מענ ויכ צו איר ארײַנכאפנ אינ א פרײַער שאָ?

אפ א קרייצ־וועג האָבנ זיי זיכ צעזעגנט. שורע איז א איבעראשטע געלאָפנ איר וועג אונ גלעקער האָבנ געקלונגענ אינ אירע אויערנ:

— אונדזערע וועגנ קומענ זיכ צונויפ.

זי האָט אומגעריכט געטראָפנ אפ איר טיר א שלאָס אונ פונ אינעווייניק האָט קיינער ניט געפרעגט, ניט גערופנ: „מאמע". איז וווהינ האָט נאטאשע, אָט־אָ דאָס צעפלאָכטענע מיידל געקענט פארנעמענ מיט זיכ רײַקענ? ניינ, זי מוז מאכנ א סאָפ צו אָט די קונצנשטיק, ווײַל אינ הארצנ האָט זי ניט געטרויט נאטאשענ.

האָט זי געווארט א צעשראָקענע מיט בייזע געדאנקענ, וואָס אינ א מאמעס קאָפ קאָנ נאָר אײַנפאלנ. א פארדראָס, א ווייטיק, א כאראָטע צו זיכ זעלבסט, וואָס זי האָט אזוי

לאנג פארלאָזנ אָט דאָס קאָמעדיע־שפּיל מיט איר קינד. זי איז ארומגעלאָפנ אינ די נאָענטע פלעצער, גערטלעכ אונ געזוכט אונ שרײַענ געוואָלט—מײַנ קינד, ווו איז מײַנ קינד.

צוריקגײיענדיק אהיים איז פאר איר אויסגעוואָקסנ די קלײנע מאלקע דאָקשיצער. זי איז געווענ שטארק בלאס אונ פארשוויצט:

— ווו ביזטו געווענ, שורע. איכ האָב דיכ געזוכט אינ רויטנ ווינקל. דו דארפסט דאָכ זײַנ אפ דער פארזאמלונג, ווערסט דאָכ הײַנט פרעמירט. אָבער זי, שורע, האָט, דאכט זיכ, גאָרניט געהערט, ניט באנומענ.

— מײַנ קינד, ווו האָט נאטאשע מײַנ קינד ערגעצ פארטראָגנ. מײַנ קינד!

— וואָסער נאטאשע, דולע, איכ זוכ דאָכ דיכ, דײַנ קלײנע איז געזונט אונ שטארק, א קלײנע אָפעראציע האָט מענ איר געמאכט אינ די געלענקעלעכ. אינ א פאָר וואָכנ גײט זי געזונט אונ שטארק אפ אירע פיסלעכ. קום גיכער. קום, וועסטו זי זענ.

מאלקע דאָקשיצער האָט זי ניט גענארט. ניט נאטאשע, נאָר מאלקע דאָקשיצער האָט בעזאָרגט ווענג איר קינד. די אָפעראציע איז געווענ זײער געלונגענ. אינ א פאָר וואָכנ ארום איז דאָס קינד שוינ געגאנגענ אפ אירע פיסלעכ אונ איז אוועק קימאט גלײַכ. מאלקע האָט איר אויך געהאָלפנ ארײַנגעבנ זי אינ א קינדער־גאָרטנ אונ א שווערע מאסע איז אראָפּ פונ שורעס האלדז. א כאווער האָט זי באקומענ, אנ עמעסנ כאווער — מאלקע דאָקשיצער.

7

די גלאנציקע שטיוועלעכ בא מיקיטקענ, וואָס האָבנ אזוי לײַכט באטראָטנ די ערד, זײַנעג ראפּסום שווער אונ וואָניק געוואָרנ, ווענ ער איז צו שורענ ארײַנ. אלצ, וואָס ער האָט באווײַזנ געוואָלט זאָגנ שורענ, איז צונישט געוואָרנ, זײַנ פײַנער בלאָער פרענטש, די פאטלע האָר, וואָס איז געפאלנ אפנ שטערנ, די קעפּע נידעריק אפנ האלדז אָנגערוקט, האָט אים קײנ מוט ניט צוגעגעבנ, גלײַכ ער איז ארײַנגעפאלנ אינ א גאנצ פרעמדער וועלט.

אונ דאָכ איז עס געווענ שוינ לאנג. לאנג האָט ער געקענט אָט דאָס שטיבל, וואָס ער האָט געיארשנט פונ זײַנ מאמענ, א גאנצער מארק שיקרעס אונ גנײווע האָט דאָ א נעסט געהאט. אונ איצט דערקאָנט ער קוים דאָס שטיבל, אָבער די מענטשנ. ער דערקאָנט זײ ניט. פאר די פאָר יאָר האָט זי זיכ אזוי געענדערט, שורע, אונ אָט די קלײנע רײַעטשקע לעבנ איר ליימט אים, בינדט זײַנ צונג.

פריִער, אז ער איז אהער צוגעגאנגענ, האָט ער דעם עמעס זאָגנדיק צוליב דרײסטקײַט גענומענ א גלעזל. אָבער איצטער, וואָלט ער א צײלעם געלײגט, אז זײַנ קאָפּ איז אינגאנצנ ניכטער. אונ דאָכ קאָנ ער זיכ ניט פאָרשטעלנ, אז זײַנע אויגנ זעענ עס שורע לאָפּאטינע, וואָס האָט געצאפּלט פאר זײַנעם א בליק.

ער איז דאָ ניט אלײנ, מיקיטקע שאָמינ, מיט אים איז אהער געקומענ נאטאשע.

— איז פארוואָס קומט אים אזא שטראָף? פאר א פאָר יאָר צוואנג־ארבעט האָט ער שורענ פארלאָרנ. אָבער ער, מיקיטקע שאָמינ, האָט דאָרטנ אינ געוועזענעם מאָנאסטיר, אינ די ווארשטאטנ, ווו ער איז אָפּגעווענ צוואנג־ארבעט, אויכ דערוויזנ ווערנ א גוטער שלאָגלער, א בריגאדיר אונ אנ אפּיקוירעס. פארוואָס מע האָט אים זײַנ שטראָף פארקירצט אפ האלב.

נאטאשעס אויגן גלאנצן, איר שמייכל באַטײַט:

— נו, איז וואָס האָב איך דיר געזאָגט, מיקיטקע. ווען דו ביסט דאָרט געזעסן, איז מען דאָ געגאנגען, וואָס געגאנגען? געלאָפן און עפשער געפלויגן, איז זי שורע מיט כאַווירים ווײַט אוועק.

ער איז אזוי צעטומלט פון דעם אלעמען, מיקיטקע שאָמין, אז כאָטש ער ווייס, אז זײַן קאָפּ איז אינגאנצן ניכטער, דאָכט זיך אים א טאפּ טאָג, צי דער דאשעק באַ אים איז ניט אפן פאטילניצע.

מיקיטקע כאפּט זיך אויף, קוקט מיט א מעכילע־געבעט, זעגנט זיך מאָדנע קורץ און לאָזט זיך גיך צו דער טיר. גלײַך נאָך אים ציִען זיך אויס דער קליינערס הענט, וואָס שלעפּן אים זיצן. ער פאלט שיר פון שוועל אראָפּ און אנטקעגן איר טיר קומט אים אָן פיאָדאָר מאקסימיטש סלאדקאָוו.

8

דער כאווער סלאדקאָוו האָט געקנייטש און ברייטער צעעפנט די פאסיקלעכע אויג, געריבן זיך די הענט, געווישט זיך די הארטע וואָנצעס, ווי אפן גאס וואָלט געווען א גוואלדאָווגער פראָסט.

נאטאשע איז בא זײַן ארײַנקומען צונטער־רויט געוואָרן. די אויגן ווי מיט טרערן פארלאָפן, האָבן זיך ווי געבעטן:

— איך האָב גערעכילעסט. דער כאווער סלאדקאָוו האָט מיך קיינמאָל ניט געפירט אין קינאָ, איך האָב דאָך שורען רייצן געוואָלט און האָב גערעכילעסט.

נאטאשע זיצט ניט אײַן, ווי שפּילקעס וואָלטן זי געשטאָכן, ווי זי וואָלט זיך געקליבן עפּעס זאָגן און עס באקומט זיך א שלוקערץ און ווי א פארוואָרגענע מיט אן אויסגעשטעלטן האלדז בלײַבט זי שטיין, אירע גרויע שטענדיק־לאכנדיקע אויגן זײַנען פארנעפּלט, מיט פײַכטקײַט פארצויגן:

— וואָס האָסטו זיך אופגעשטעלט, נאטאשע, קום, זעצ זיך לעבן מיר, — זאָגט שורע מיט א כאווערישן מיטפּיל.

גיט זיך נאטאשע א ריס, א דריי מיטן קעפּל, ווי זי וואָלט עפּעס א בײַנערדיקס אראָפּגעשלונגען און זי נעמט זיך זעגענען. איר פּאָנעם שמייכלט, אירע אויגן קוקן מיט אכטונג און ליבע. דריקט זי שטײַף שורעס האנט:

— נו, פארבלײַב, שורע. שטעל זיך פאָר, אז די פאבריק האָט מיך אויסגעווײלט פאר א דעלעגאטקע אין רײַאָנעם ראט און איך פאָרש אויס די קינדער־אנשטאלטן. און אפּ מיקיטען איז אביסל אויך א ראכמאָנעס. ער האָט צוליב זײַנע נארישקײַטן אלץ פארלאָרן, דאָס קינד אויך און ער בלאָנקעט ארום, אפילע קיין ווינקעלע האָט ער ניט.

— ער האָט דאָ באדארפט בלײַבן דער נאר, וואָס איז ער אנטלאָפן, — זאָגט מאלקע, — זאָג אים, קיינער האָט דאָך אים פון זײַן קינד ניט אָפּגעטריבן, דאָס איז זײַן קינד און זײַן שטוב. וואָס איז ער געלאָפן.

און שורע גיט נאָך צו:

— הער, נאטאשע, דו ביסט א גוטער כאווער, וועסט אים זען מיקיטקען, זאָג אים, אז ער זאָל קומען, זײַן קינד, זײַן שטוב ווערט ער געפינען, זאָל ער קומען.

עס איז אזוי שטיל אין הײַזל נאָך נאַטאשעס אװעקגײן. סלאַדקאָװ האָט צו זאָגן צענ־דערטער, װאָס דארפֿן נעמען א פּאָר מינוט. ער דארף זאָגן:

— מיר קאָנען זיך אונ געפֿעלן זיך, מיר זײַנען דערװאַקסענע מענטשן, באַװוּסטזיני־קע פּראָלעטאַריער. עס איז ניטאָ קײן צײַט פֿארנעמען זיך מיט פּוסטע ליבע־זיפֿצן, קומ זײַן מאַן־אונ־װײַב אונ עמעסע כאַװײרים.

בא סלאַדקאָװן האָבן זיך פֿון אינערלעכער אופֿרודערונג די אויגן אינגאַנצן צונויפֿגע־גאָסן, ער האָט זיך דערמאָנט, װי אײנמאָל האָט ער זי, שורען, װי א װילדע ציג פֿאַר די הערנער אָנגענומען אונ צוגעצויגן צו דער מאַשין. ער האָט שוין דעמלט דערפֿילט א צי־טער אין זיך אונ איצטער איז אין זײַן הארצן א גאַנצער געװירבל, האָט ער זײַנע אויגן געפֿענט אונ באַגעגנט א גרײטקײַט אף איר פּאָנעם.

9

אין אײנעם אן אָװנט האָט מיקיטע שאָמין ניט גאָר זיכער אָנגעקלאַפּט אין טיר פֿון קעלער. דער קלײנערס אײגעלעך האָבן זיך צוגעצויגן צו דער טיר, דאָס איז געװען א פֿרעמדער קלאַפּ, אָבער זי האָט שוין אָפּגענעם אף דעם געװאַרט.

— אַכ, דו פּיצל, װעסט װידער ניט ארײַנלאָזן א טאַטקע, איך האָב דיר שפּילכעלעך געבראַכט, שײנינקע שפּילכעלעך.

איצטער האָבן דער קלײנערס אויגעלעך זיך צוצויגן װי בא א כײַעלע, װאָס דערפֿילט די טריט פֿון א נאָענטן, װאָס טראָגט עסן.

— דו, ביסט מיקיטקע שאָמין, איך װעל דיר עפֿענען, דו ביסט מײַן טאַטע,—האָט זי געעפֿנט אונ אָפּגערוקט זיך װײַטער אונ געקוקט נײַגעריק אפֿן ארײַנגעקומענעם אונ בא אים איז א װילדער געדאַנק געבוירן געװאָרן. אָט די שטוב װי זי איז, קאָן מען איצטער ארומנעמען ביז א שנירל, װאָלט געקלעקט א הוליע צו טאָן. אונ גלײַך האָט ער דערפֿילט, װי נאָדלען שטעכן אים, ער האָט זיך פֿארשעמט פֿארן קינד, װאָס האָט אף אים געקוקט מיט כשאַד, אין הענטל האָט רײַטשקע געהאַלטן א באַװוּלנעם הינטעלע, האָט זי געפֿרעגט:

— דאָס האָסטו מיר געקויפֿט, דאָס בילט ניט אונ בײַסט ניט אונ בעט ניט עסן, א גוטינקער הינטעלע איז עס.

אָט דעם קינדס פּלאַפּלען האָט בא אים ארויסגערופֿן א פֿרײד:

— נא, אָט האָב איך דיר א בערעלע אויך געקויפֿט.

— אונ א קוקלע װעסטו מיר אויך קויפֿן, אזא, װאָס עפֿנט זיך אונ פֿארמאַכט די אויגן

— יאָ, שטיפּערקע, אלץ װעל איך דיר קויפֿן אונ קומ נאָר אביסעלע נעענטער צו מיר.

די קלײנע האָט געמאַכט א פּאָר פֿאָרזיכטיקע טריט, נאָכאַמאָל אים א קוק געטאָן אינ פּאָנעם ארײַן אונ א װאָרף געטאָן זיך צו אים אף די הענט אונ שוין גאָר װי א נאָענטן א נעם געטאָן פֿאַר דער פּאַטלע, צוגעדריקט זיך צו אים אונ געזאָגט:

— װעסט שוין דאָ שלאָפֿן, װעסט מיך פֿירן אין קינדער־גאָרטן, װי די טיאָטיע מאַלקע די טיר איז אָפֿן געשטאַנען אונ ער האָט ניט געהערט, װי מאַלקע איז ארײַן. ער האָט זיך א כאַפּ געטאָן, דערזען זי אונ זיך שלעכט דערפֿילט. דאָס קינד איז אראָפּ פֿון זײַנע הענט, א װאָרף געטאָן זיך צו מאַלקען אונ אים האָט זיך געדוכט, אז די קלײנע האָט בלויז געכויזעקט פֿון אים, אז אײגנטלעך איז ער דאָ א פֿרעמדער אונ א איבעריקער, אונ שוין געװאָלט אװעקגײן.

— ווּהין קלֿײַבסטו זיך, כאַווער, האָסט דאָך ניט קײן ווינקל.
ער האָט זיך א ריס געטאָן ווי אײַנגעביסן:
— איז ווּעמעס דײַגע איז עס?
זי האָט אים אין טאָן געזאָגט אויך אזוי שאַרפּ:
— וועסט ווידער אַרומבלאָנדזשען צווישן פּאַרדעכטיקן אוילעם. איך וואָרן דיך ווי א פּראָלעטאַריער, וועסט ניט נאָר שורען און דאָס קינד פאַרלירן, נאָר וועסט אויך פאַרלירן דײַן פּראָלעטאַרישן קאָפּ.
ער וועט פאַרלירן דאָס קינד, האָט אים א ריס געטאָן באַם האַרצן און זײַן קאָפּ וואָרנט זי, זײַן פּראָלעטאַרישן קאָפּ, איז ער שטײן געבליבן און געוואָרטשעט:
— איז ווּ וועסטו מיר הײסן מײַן קאָפּ אַהינטאָן, ווי זאָל איך דאָס קינד צו זיך צו־בינדן, אז אַפּ אזעלכן ווי איך שפּײַט אן אײגענע ווײַב.
— שורע האָט געטאָן ווי איר געפעלט. און דו וועסט טאָן, ווי דו פאַרשטײסט. איך זאָג דיר נאָר — אָט האָסטו דײַן הײם, ווי דאָס איז, קענסט אויך האָבן דאָס קינד בא זיך, וועסט אַרבעטן, וועסט דינגען עמעצן צום קינד, איך קאָן דיר דערווײַלע העלפן אַרום קינד, אויב דו ווילסט.
אַלץ אין אים איז צעווײכט געוואָרן, ער האָט פאַרווּנדערט געקוקט איר אין פּאָנעם אַרײַן.
— און דו, ווּ וועסטו זײַן? אויב דו ווילסט מיר העלפן באַם קינד, ווּ וועסטו זײַן?
— אויב דו וועסט מיר דערלויבן, וועל איך דאָ אויך נעכטיקן ווי פריִער, אז ניט האָב איך מײַן ווינקל, דאַרפסטו זיך מיט מיר ניט צערעמאָניען, קענסט מיר שטענדיק זאָגן. אויך מיטן קינד, אויב דיר וועט שווער זײַן, וועט עס די מאַמע צו זיך נעמען. אויב איך וועל דיר ענג מאַכן — קאָנסטו זאָגן.
איז ער אײַנגאַנצן א פלאַטערדיקער געווען:
— אָטאָ דאָ אײן ווינקעלע וועל איך פאַרנעמען, כ'וועל אַרבעטן, כ'וועל דאָס קינד באַ־זאָרגן, א האָר אַפּ איר ניט לאָזן פאַלן, און דו, — ער האָט די אויגן אַראָפּגעלאָזן און שטיל געזאָגט מיט געבעט: אויב דו מיִעסט זיך ניט, בלײַב דאָ. איך וועל דיר גאָרניט שטערן, בלײַב ווי פריִער, ווי געווען מיט שורען.

10

אין דער גרויסער שוך־פאַבריק אין צושנײַדער־צעך שטײט מיקיטקע שאָמין אין זײַן בריגאַדע. אַלע שטײען זײ מיט די קעפּ געבויגן איבער די בלעטער לעדער, מיט מאָדעלן, פּאַטראָנען און מעסערס. און מיקיטקע מיט זײ אַלעמען זוכט אויסצוזאָגן אַסאַך איבער דער נאָרמע. וואַרפט ער פלינק די פאַרשנײדענע פּאַטראָנען א פּאָרנטל, א הינטער־טײל, א כאַ־ליאַווקע, פלינק, פלינקער, נאָך פלינקער.
נאָענט בא זײַן רעכטער זײַט שטײט דער כ' פּאָדאָלסקי. ער איז דער סעקרעטאַר פון קאָמיוג־קעמערל אין צעך. ער איז א גוטער שלאָגלער און יאָגט אויס אַסאַך איבער דער נאָרמע. אָט אַפּ אים גיט ער, מיקיטקע, ראַפּטום א וואָרף אן אויג, כאַפּט א בליק אין זײַנע הענט אַרײַן. גיט זיך אומגערן א ריס פון זײַן מויל:
— ניטע, ניט אזוי! און גלײַך האָט ער מיקיטקע כאַראָטע, בויגט דעם קאָפּ איבערן לעדער, און דער כאַווער פּאָדאָלסקי קוקט אים אָן, קוקן זיך נאָך כאַווײרים איבער, נאָר

מיקיטקע זעט ניט, הערט ניט און שנײַדט די פעל אין לענג און ברייט. אָבער אין א ווײַלע ארום פארגעסט ער, קוקט ווידער ארײַן אין כאווערס הענט און ראפטום גיט עס אים ווי א שניט. אין האלדז, אין מויל פארווארגט זיך א וואָרט, גיט ער זיך א וואָרף מיקיטקע אזוי אומגעריכט פאר זיך אליין, א וואָרף צום כאווערס הענט מיט אן אויסגעשריי:

— ניטע, שנײַד ניט!

אז מיקיטקע האָט זיך געכאפט צוריק מיט כאראָטע, איז שוין שפעט געווען. ווײַל דער כאווער פאָדראָלסקי איז יונג, האָנאָריסטיש און פאראקשנט מיט לײַכטן כשאד צו מיקיטקען, וואָס ער האָט שוין עפעס געוווסט פון זײַן פארגאנגענהײַט, האָט ער זיך פאָדראָלסקי אוועקגעשטעלט קעגן מיקיטקען:

— דו כוליגאן! כ'וועל דיר אונטערהאקן די הענט!

מיקיטקעס אויגן האָבן א גלי געטאָן. ער האָט ראפטום דערפילט א מעסער־גלאנץ אין יענעמס האנט. האָט אים באטאמט א שמעק געטאָן בלוט, האָט אין אים א וואכ געטאָן די פארטײַעטע כײַע. א געפרווטער מעסער־שטעכער האָט פלוצלונג דערפילט מיט זיסקײַט דאָס קלינגל אין די אייגענע הענט, אָט וואָלט ער זיך א וואָרף געטאָן אָט אפ דעם פאָדראָלסקען און אָפגעקילט דאָס הארץ, נאָר ער האָט זיך אָפגעהאקט, און אז דער בריגאדיר איז צו דער צײַט אונטערגעשפרונגען און געפרעגט:

— וואָס קומט דאָ פאָר, איז פאָדראָלסקי געשטאנען פארטאָן אין דער ארבעט. און מיקיטקע האָט אויסגעפלאפלט:

— עקאָנאָמישער האָב איך געמיינט ער זאָל שנײַדן די פעל, עקאָנאָמישער.

עמעצער האָס מיקיטקען נאָכגעקרימט:

— עקאָנאָמישער,— מע וועט דיר שוין אקוראט באווײַזן וואָס עקאָנאָמיע באטײַט, די צונג וועט מען דיר קירצן און אונטערהאקן די הענט, וועט דיר זײַן עקאָנאָמיע.

מיקיטקע האָט זײַן קאָפ, זײַנע אויגן, זײַנע אויערן פארגראָבן אין דער ארבעט. אָבער דאָס הארץ איז געשפרונגען, געריסן זיך אפ ארויס. אן עמעסע כאראָטע האָט אים ארומגעכאפט.

— ווהין טראָגט דיך, מיקיטקע, ארײַנצוקוקן אין פרעמדע הענט. מע וועט דעם אינצידענט צעשמירן אין א געשעעניש, מע וועט דאָס צעפויקן צעטומלען אזש ביז מאלקעס אויערן.

באם איבערײַס האָבן זיך געפונען ווילערישע יאטן, וואָס האָבן אים ווילעריש אונטערגעהעצט:

— אָט אזוי, ביסט א מאָלאָדיעצ א יאט, האָסט אים אפ אן עמעס באדארפט דערלאנגען. אזא גאָרנישט וועט דיר א מעסער ווײַזן! לאכ פון אלע געריכטן, דערלאנג ווי דו קאָנסט!

ער איז צעטומלט געשטאנען, מיקיטקע, ער האָט געהערט ווי מע האָט גערעדט, אז ער מיקיטקע, האָט זיך דער ערשטער געוואָרפן אפ פאָדראָלסקען, פריער מיט מיִעסע רייד, נאָכדעם מיט א מעסער. זיי האָבן אליין געזען, אזא אנטיסעמיט דארף מען אָנלערנען.

האָט מיקיטקע קיין אָרט זיך ניט געפונען, באם מיטיק אויסבאהאלטן זיך ניט צו באגעגענען מיט קיינעם. און אין אָוונט איז נאָך ערגער געווען, ווהין אנטלויפט מען, ווהין באהאלט מען זיך אויס פון מאלקעס פרעגנדיקע בליקן, פון איר פאָרוורפ. האָט ער באשלאָסן צוצונעמען רײַקען פון קינדער־גאָרטן, ברענגען אהיים און אליין אוועק ביז שפעט אין דער נאכט. עפשער טאקע נעמען אביסל בראנפן צוליב דרייסטקײַט ווען, דער קאָפ זאָל אזוי ניט שפאלטן, עפשער?

— דו טרײַבסט איבער, מיקיטקע! האָט אים א שטים געוואָרנט, יענע שטים, וואָס קומט צו אים די לעצטע צײַט בא שווערע מינוטנ. דו טרײַבסט איבער — ווי דו פלעגסט שטענדיק איבערטרײַבנ. דערפאר וואָס דו האָסט זיכ פאר מענטשנ געשעמט, האָסטו ווילד זיי אינ פּאָנעם געשפּיגנ, ווילד האָזעדיק. גענוג, מיקיטקע, דו טרײַבסט איבער.

ער האָט זיכ שפּעטער אינ דעם איבערצײַגט. עמעס, דער נישטיקער אינצידענט איז דערגאנגענ ביז די אויערנ פונ שורע לאָפּאטינע. שורע האָט א צעטראָגענע אָפּגעזוכט מאלקענ אונ לאנג מיט איר זיכ געייצעט—וואָס טוט מענ מיט מיקיטקענ, ער האָט הײַנט ארויסגעוואָרפנ עפּעס א שפּיצל אינ צעכ, מע מוז אים אינ די הענט נעמענ אונ וואָרענענ. ער קענ קומענ צו אנ אומגליק, זי קאָנ זײַנ כאראקטער, שורע.

אָבער מאלקע האָט זיכ גאנצ רויִק צו דעם באצויגנ, זי האָט זיכ אליינ נאָכגעפרעגט בא כאוויירים, אונ נאָכ געוואָרט, וואָס וועט ער אליינ זאָגנ, מיקיטקע.

מאלקעס פרעגנ, איר טאָנ, איר צוטרוי האָט אים לײַכטער זײַנ הארצ געמאכט. ער האָט דערציילט, אז ער האָט נאָר געמיינט צום בעסטנ, אז ער איז אויסנ געווענ עקאָנאָמיע, וואָרעמ אינ די ווארשטאטנ פונעמ געוועזענעמ מאָנאסטיר, ווו ער איז אָפּגעווענ צוואנג-ארבעט, איז שארפ געשטעלט געוואָרנ די פראגע וועגנ שפּאָרעוודיק זײַנ אינ מאטעריִאל. האָט ער זיכ איבערגעגעבנ דער שפּאָרזאמקײַט אונ דערוויזנ גוטע רעזולטאטנ, פארוואָס ער איז אפילע פרעמירט געוואָרנ. איז אָט איצטער האָט ער אוואדע כאראָטע, וואָס ער האָט אהינ געקוקט אינ פרעמדע הענט ארײַנ, וואָס ער האָט זיכ ארײַנגעמישט אינ א פרעמדער זאכ. נאָר אים האָט געדוכט, אז וועג ער וועט וואָרענענ דעם כאווער ער זאָל אנדערש מארקירנ דעם מאטעריִאל, וואָלט ער אויסגעמארקירט איבעריקע פינפ פראָצענט אינ דער פעל. איצטער האָט ער כאראָטע אפ דעם.

מאלקענ האָט פארכאפּט דעם אָטעם:

פינפ פראָצענט? דו זאָגסט עס ערנסט. אונ אז דרײַ, אונ אז צוויי, אונ אז איינ פראָצענט—שפּילט דאָכ א גוואלדיקע ראָליע, וואָס האָסטו כאראָטע? מע דארפ שרײַענ, וואָס הייסט הלומענ מאטעריאלנ. וויבאלד דו ביסט אינ דעם זיכער, דארפסטו אלצ טאָנ, דערפירנ עס צו דער אדמיניסטראציע, צו דער פארטיי—אונ פראָפּאָנפירונג, וויבאלד דו ביסט אינ דעם זיכער.

— וואָס הייסט זיכער, בעסער ווי אינ דעם אייגענעמ כאראקטער. איכ אליינ גיב אזעלכע איבעריקע פראָצענטנ, נאָר דער בריגאדיר באציט זיכ צו דעם סקעפּטיש.

— מע דארפ, זאָגט ער, כאווער, זיכ ניט קליגנ, אפ אויסמארקירנ א פּאָרנטל, יאָג א צאָל אונ גאָר. אונ ער מיקיטקע קאָנ דערווײַזנ, אז צו דער צאָל שטערט עס ניט, מע קאָנ געבנ א צאָל אויכ.

מאלקע האָט זיכ דערפרייט.

— רעכט, מיקיטקע, רעכט. איכ גלויב דיר. איז אָט וואָס — מאָרגנ נעמ רופ ארויס דעם כאווער פּאָדאָלסקי אונ נאָכ כאוויירים אינ א סאָצפּארמעסט. רעכנ זיכ ניט — זיי וועלנ מוזנ אָנעמענ אונ באווײַז זיי וואָס הייסט עקאָנאָמיע. באווײַז זיי, מיקיטקע, אונ איכ שטעלנ די פראגע אינ דער פּרעסע. זי האָט גלײַכ גענומענ אויסרעכענענ וויפל קאָנ געבנ פינפ, דרײַ, איינ פּ׳אָצענט עקאָנאָמיע בא איינ ארבעטער אינ איינ וואכטע, וויפל וועט זיכ באקומענ אינ א בריגאדע, אינ א צעכ, אינ דרײַ וואכטעס. אירע אויגנ זײַנענ שוינ בלוט רויט געווענ, נאָר זי האָט נאָכ אלצ זיכ געגראָבנ אינ די ציפער, פונ גרעסערע געמאכט קלענערע אונ נאָכ קלענערע אונ דאָס הארצ האָט געקוואָלנ. ווײַל די סומע איז

דאָכ אלצ געווענ אינ טויזנטער עקאָנאָמיע. אונ צוזאמענ מיטנ כעזשבנ איז געוואקסנ די פרייד, ווײַל א לאנד וואָס בויט סאָציאַליזם, האָט מיליאָנענ ארויסגעשלעפּט פונ לאפּטיעס אונ געשטעלט גרויסע פאָדערונגענ.

11

מיקיטקע שאָמינ האָט זײַנ ערשטע פּרעמיע, אנ אָפּשניט אפּ אנ אָנצוג געבראכט מאלקענ. ער איז געווענ רויִק, סאָליד. ער האָט שוינ גוט געוווסט, אז ניט אינ דער פּרעמיע גייט עס, נאָר עס איז עפּעס גרעסערס, אינ דעם, וואָס ער מיקיטקע שאָמינ שטייט שוינ ניט קיינ זײַטיקער. אָט דאָ אינ לאנד איז ער איינער פונ קלאס, וואָס דיקטירט אונ בויט, איז ווי זאָל ער ניט נעמענ קיינ אקטיוונ אָנטייל, וואָס פאר א באלעבאָס וועט ער זײַנ. אָט פארוואָס ער איז נאָכאמאָל געווענ די סיבע פונ א צווייטנ אינצידענט אינ צעכ. מע האָט אינ זײַנ וואכטע דערלאנגט א פּארטיע אונטערשלאק, א פּאָשעטנ דריטנ סאָרט כראָמאָפּאיעק. האָט זיכ מיקיטקע ארומגעקוקט, אז דער כראָמאָפּאיעק איז בא אונדזער דעפּיציט צו רײַכ אפּ אונטערשלאק, אז דאָס איז טויגבארער מאטעריאל פאר אויבערשלאק, האָט ער גלײַכ געמאָלדנ דעמ בריגאדיר, אז מע וועט ניט הלומענ קיינ דעפיציטנ מאטעריאל. אימ האָבנ אונטערגעהאלטנ נאָכ אונ נאָכ כאווײרימ.

— א שטרײַק, — האָט געזאָגט דער מײַסטער, מיקיטקע שאָמינ העצט צו א שטרײַק. דער פארוואלטער האָט געפּרוווט דערקלערנ, אז ביז מע וועט בײַטנ דעמ אונטערשלאק, וועט שטיינ א צעכ, האָט זיכ דער אינצידענט ארויסגעריסנ פונ די צעכ־גרענעצנ. די צעכ־אָנפירונג האָט שוינ אליינ ניט געקאָנט לייזנ דעמ אינצידענט, איז עס דערגאנגענ ביז דער דירעקציע, ביז דער פּארטיי־אָנפירונג אינ פאבריק. אז שורע האָט באגעגנט מאלקענ, האָט זי מיט אומרו געזאָגט:

— האָסט געהערט א שטיקל טומל, אָבער עפּשער וואָלט ער, מיקיטקע, אנ ערשטער דאָכ ניט ארויסגעשפּרונגענ, עס זײַנענ דאָ מער געניטערע כאווײרימ פאר אימ, מע האָט דאָכ נאָכ ניט פארגעסנ וואָס מיקיטקע איז געווענ.

— דאָס איז דאָכ אָפּאָרטוניזמ — האָט מאלקע געשטורעמט. שאָמינ, ווי יעדער ארבעטער אינ פאבריק, דארפ זיכ ארײַנמישנ אונ מיטהעלפנ. אינ דעמ איז די קראפט אונדזערע, אינ דער אקטיווקײַט אונ פארינטערעסירטקײַט פונ די מאסנ. נאָר אָפּאָרטוניסטנ, פארשמירער וועלנ זאָגנ — שטיי אינ דער זײַט אונ מיש זיכ ניט.

אזוי האָט אויכ קוואליפיצירט די געשעענישנ די אָנפירונג אינ פאבריק. מע האָט באשטימט אויספאָרשנ וויאזוי קומט מענ בראקנ אויבערשלאקנ פאר אונטערשלאק. שאָמינ איז פונ דער געשעעניש ארויס נאָכ שטײַפער. ער האָט מיט פלײַס געארבעט אונ אומעטומ אנ אויג געוואָרפנ.

---

עס האָט פרילינג געקלונגענ, געשמעקט מיט ערשטנ מײַ. אינ איינעמ אנ אָוונט האָט מיקיטקע שאָמינ געטראָפנ אינ זײַנ שטיבל שורענ, דעמ כאווער סלאדקאָוו. מאלקע איז אויכ געווענ אינדערהיימ, די קליינע איז נאָכ ניט געשלאָפנ, געזעסנ בא דער מאמענ, געקוואָלנ אונ גערופנ אימ:

— שאָמינ, די מאמע נעמט מיכ צו בא דיר, כ'וועל בענקענ, שאָמינ!

עפעס גיט א ריס זײַנ הארצ, ער קוקט אפ אלעמענ אונ זוכט אנ ענטפער, צי פלאפלט עס דאָס קינד, צי דאָס זאָגט ארויס לײַכטער, וואָס די עלטערע איז שווער ארויסצוזאָגנ.

שורע טוט זיכ אָנ א קויעכ:

— יאָ, מיקיטקע, איכ נעמ דאָס קינד צו זיכ, עס גייט א זומער, איכ גיב עס אָפּ אינ א קאָלאָניע, דאָס קינד מוז מער שפּילנ, מער ליכט אונ מער זונ האָבנ, אונ ניט דו אונ ניט מאלקע קאָנענ זיכ אזויפיל אָפּגעבנ מיטנ קינד, ווען אלעמאָל קאָנענ קומענ זי זענ א געזונטע, א פרישע.

ער האָט פאר דער לעצטער צײַט באקומענ א גלײַכגעוויכט, מיקיטקע שאָמינ. אָבער אָט איצטער שטייט ער פאר א ניסאָיענ. ער פילט, אז עמעצער צעשטערט דאָ זײַנ לעבנ, דאָס קינד, צו וועלכנ ער איז אזוי צוגעקניפּט אונ נאָכ עפעס, וואָס עס איז שרעקלעכ צו לאָזנ אפנ געדאנק—זי מאלקע דאָקשיצער, וועט אויכ פארלאָזנ די ווענטלעכ אונ ער וועט דאָ איינער בלײַבנ. אונ ער דערפילט אנ עלנטקײַט.

— טרײַב ניט איבער, מיקיטקע,—וואָרנט אימ א שטימ,—נעמ זיכ אינ די הענט.

ער פאָלגט, ער באהערשט זיכ. ער שמייכלט מאָדנע קרענקלעכ. ער קוקט: שורע שטייט אופ, סלאדקאָוו זעגנט זיכ, דאָס קינד קוועלט—זי גייט צו דער מאמענ. אלע דערפילנ זיכ ניט אינגאנצנ גוט. שורע בעט:

— קומט באגלייט אונדז.

מאלקע נעמט מיקיטקענ אונטער דער האנט, ער ציטערט אינגאנצנ. אזא ווארעמע נאכט אונ ער פיבערט. באמ טראמווײַ זעגנט מענ זיכ אונ קוים וואָס ער שטייט אפ די פיס.

עס מוט אימ וויי אונ ער פרעגט מיט שרעק:

— אונ דו, מאלקע, דו גייסט אויכ אוועק?

זי האָט זיכ ערײַט א כאפּ געטאָנ, איר פּאָנעם האָט א פארב באצויגנ—זי, די בארדאס, האָט ווי א קינד אירע יאָרנ ניט געוווסט וויפל זי איז אלט, אונ ווי זי וואָלט איצטער ערשט אירע יאָרנ דערפילט צוזאמענ מיט א מאָדנעמ געפיל, האָט זי איצט גאָרניט געפרעגט בא מאלקענ דער בארדאס, וואָט האָט אפ אנ עמעס געטראכט זיכ פארנעמענ פונדאנענ מיט איר פּעקל אונ אוועק פרײַ אומגעשטערט. איצטער איז מאלקע דער בארדאס געשטאנענ אָנ דער זײַט אונ עס האָט א צי געטאָנ צו מיקיטקע שאָמינענ, האָט זי זײַנע הענט גענומענ אונ שטיל געזאָגט:

— אז דו ווילסט, וועל איכ דאָ בלײַבנ.

מ. הארצמאנ

# קארל מארקס

דײַנ דענקמאָל שפאנט איבער די לענדער.
דײַנ ברײטער װעג איז אויסגעקלאָרט.
דו טראָגסט דײַנ שטערנ אָט דעם בלײכנ,
די שווערקײַט פונ דײַנ קאָפּ און מירמל־באָרד.
גײסט צו דײַנ לאנד—דו, זײַנ פאריאָגטער סײכל,
צו דײַטשלאנד גײסטו—ס'רוקנ וועגט זיך אָפּ...
דער רײכטאג ברענט—עס ראנגלט זיך די סרײפּע
מיט רויטע ווארפנדיקע קרויזנ פונ דײַנ קאָפּ.

דורך טפּיסעס שפּאנסטו דורך צו ארבעט־יונגענ, —
צו העמדלעך כאקענע—גײסט שווערערהײט.
און אומפארמײַדלעך שפאנט דער צוואנציקסטער יאָרהונדערט,
שלעפנדיק די ברוך־שטיקער פונ קײט.
דו גײסט מיט אים, עס שווימענ אָנ די שטיקער
פונ גאָלד־טראָגנע, פונ בירזשעס און געשרײ,
דערוואָרגענע פארלאנגענ פונ מײַנ ברודער,
וואָס האָבנ אופגעפלאצט פאר סמאָלני, אפנ שנײ.

פירסט אָנ מיט אײַזערנע געזעצנ.
גלײַך ווי עס גײענ זיך די שטערנ ווײַט און קלאָר.
עס קענענ היטלערס קנעכט דײַנ אופברוך ניט פארגעסנ,
זײ ווילנ צו דער ערד פארבינדנ דײַנע האָר.
מיט הונגער האָבנ זײ געזעטיקט דײַנע יאָרנ.
גײסט צו דײַנ הויז, צו אָט די שווארצע ווענט,
געטראָגנ האָט מענ פונ דײַנ טויטנ קינד דעם אָרנ
פאר וועלכנ דו האָסט ניט באצאָלט,—האָסט ניט געקענט.

און צו דײַן שלייף שווימט אָן דער שוים פון עלטער.
דערשריבן האָסטו ניט דײַן ווערק, די בלאט איזגווײַס און פריש.
שרײַסט אויס: „ווען איך קאָן צוויי מאָל לעבן!
ווי קאָן איך שטארבן בא מײַן טיש?
דײַן אויג ווערט פײַכט—ס'וועט קיינער ניט דערזעען
די קאַנטן פון דײַן טרער, וואָס ציטערט קאַלט,
א רויטע שלאָגט זי זיך אין ראַנד פון דײַנע ווִיעס —
זי שפאַלט דעם שטיין, אווו זי פאַלט.

שטראַלט מאָסקווע אופ דורך שעטעכן און יארן.
דײַן טרוים האָט שוין דעם גרויסן שפאַן געטון.
עס פאַלט די קופּער־שײַן אפ דיר פון קאָמונארן,
זיי נעמען דיך גלײַך ווי פאַריזש ארום.
עס רוקן זיך די טויערס פון מאָנמארטער —
דו הערסט אן אויסגעמיש פון אײַזן און געבעט.
עס טראָגן זיך, ווי שיפן אין דײַן שארבן
די צוקונפטיקע פײַערלעכע שטעט.

עס ראַנגלען זיך אין דײַנע בענדער—פעלקער:
פון ערשטן מיענדיקן מענטשן אפ דער ערד,
וואָס האָט אין רײַבנדיקן האָלץ געפונען פײַער
ביז דער מאשין, פלאַנטאַציעס פון קנעכט.
פאָטער מעכטיקער, איך הער דאָס שרײַען,
דײַן ווײַסער קאָפ איבער די דוירעס גליט.
גלײַך, ווי דעם אויסלייז האָסטו אים דערטראָגן
אן אויסגעשניטענעם אפ דײַן גראַניט.

... לעניניזמ—איז מארקסיזמ פונ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ אונ פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. פּינקטלעכער: לעניניזמ—דאָס איז די טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור בּיכלאַל, די טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאַט בּיפּראַט...

(סטאלינ).

י. קריוויצקי

# צומ 50-טנ יאָרטאָג נאָכ קארל מארקס טויט

(14/3 1883 י. — 14/3 1933 י.)

דעמ 14־טנ מארט ד. י. ווערט 50 יאָר זינט עס איז געשטאָרבנ דער גרעסטער לערער אונ פירער פונ ארבעטער-קלאַס—קארל מארקס. דער XII־טער פּלענומ פונ קאָמינטערנ־אויספּירקאָמ האָט באשטימט אויסנוצנ דעמדאָזיקנ יאָרטאָג פאר ברייט פּראָפּאגאנדירנ דעמ מארקסיזמ־לעניניזמ. דער יאָרטאָג פונ מארקסנ פאלט אויס אינדערצייט פונעמ דערפּאָלגרייכנ אויספּילנ דעמ פינפיאָר־פּלאנ אינ פיר יאָר. דידאָזיקע דערפּאָלגנ האָבנ א גרויסע צווישנפעלקערלעכע באדייטונג. „די דערפּאָלגנ פונעמ פינפיאָר מאָביליזירנ די רעוואָליוציאָנערע קרעפטנ פונעמ ארבעטער־קלאַס פונ אלע לענדער קעגנ דעמ קאפּיטאליזמ,—אזא איז דער אומבאשטרייטבארער פאקט" (סטאלינ). אינ דערזעלבער צייט ווערט פאָרגעזעצט די ווייטערדיקע פארשארפונג פונעמ אלוועלטלעכנ עקאָנאָמישנ קריזיס, עס איז געקומענ א סאָפ צו דער טיילווייזער אונ רעליאטיווער סטאביליזאציע פונ קאפּיטאליזמ, עס האָט זיכ אָנגעהייבנ דער איבערגאנג צו א נייעמ טור רעוואָליוציעס אונ מילכאָמעס. דאָס קעגנשטעלנ פונ דעמ ניט געזעענעמ וווקס פונ פ.ס.ס.ר. דעמ ניט געזעענעמ קריזיס פונעמ אָפּשטארבנדיקנ אונ פוילנדיקנ קאפּיטאליזמ באווייזט קלאָר, „אז די קאפּיטאליסטישע ווירטשאפט־סיסטעמ איז ניט שטאנדהאפטיק אונ ניט פעסט, אז זי לעבט שוינ אָפּ איר צייט אונ דארפ אָפּטרעטנ איר אָרט אַנ אנדערער, א העכערער, סאָוועטישער, סאָציאַליסטישער ווירטשאפט־סיסטעמ,— אז די איינציקע ווירטשאפט־סיסטעמ, וואָס האָט ניט קיינ מוירע פאר קריזיסנ אונ איז פייִק צו באזיגנ שוועריקייטנ, וועלכע זיינענ ניט דערלייזבאר פארנ קאפּיטאליזמ,—דאָס איז די סאָוועטישע ווירטשאפט־סיסטעמ" (סטאלינ).

די סאכאקלענ פונעמ ערשטנ פינפיאָר, דער סאָפ פונ דער קאפּיטאליסטישער סטאביליזאציע, דער וואקסנדיקער רעוואָליוציאָנערער אופשטייג פונ די מאסנ אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער,—דאָס אלצ איז א גלענצנדיקע באשטעטיקונג פונ דער ריכטיקייט פונ מארקס לערע אונ זיינע גרויסע פאָרזעצער — לענינ אונ סטאלינ.

ס'איז גאנצ נאטירלעכ, וואָס די זיגרייכע בויונג פונ סאָציאַליזמ אינ פ.ס.ס.ר., די זיכ דערנעענטערנדיקע קלאסנ־שלאכטנ פאר דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער רופנ ארויס א כאַישע שרעק אונ האס בא די סאָציאַל־פאשיסטנ—בא דעמדאָזיקנ הויפּט־אָנשפּאר פונ דער בורזשואזיע אינעמ ארבעטער־קלאַס. וועלנדיק איינהאלטנ אונטער איר קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער ווירקונג די ארבעטער, וועלכע רייסנ זיכ

צום קאמפ, באנוצט די סאָציאַל־דעמאָקראטיע קאָלערליי אָפּנארערייַענ אונ טריוקנ, דעמאַגאָגיע אונ רעכילעס. אזא מינ אָפּנארערייַ אונ טריוק איז די צוגרייטונג פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, וועלכע האָט שוינ לאנג פארראטנ דעמ מארקסיזמ, צומ פיַערנ מארקס יאָרטאָג מיט שטעלנ א פּאָרטראג פונעמ געטרייַענ לאַקיי פונ פינאנצ־קאפּיטאל הילפערדינג „מארקס אונ די הייַנטצייַטיקייַט" אפנ ס.־ד. פארטיי־טאָג (פארט־צוזאמענפאָר).

די סאָציאַל־דעמאָקראטיע וויל אפ אזא אויפנ אייַנשמועסנ יענע מאסנ, וועלכע גייענ נאָכ דערווייַל נאָכ איר, אז זי איז אויכ „א מארקסיסטישע פארטיי", אז כוצ דעמ מארקסיזמ פונ לענינ אונ סטאלינ איז, קלוימערשט, פאראנ „א מארקסיזמ" פונ קאוטסקי, באוער אונ נאָסקע.

פארשטייט זיכ, דאָס אלצ איז קאָנטער־רעוואָליוציאָנער. עס איז ניטאָ אונ עס קענ ניט זייַנ קיינ צוויי מארקסיזמענ. עס איז פאראנ אונ עס קענ זייַנ נאָר איינ מארקסיזמ—דער מארקסיזמ פונ לענינ אונ סטאלינ. די פּראָפּאגאנדע פונעמ ווירקלעכנ מארקסיזמ אונ לעניניזמ, דאָס אופדעקנ די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טעאָריע אונ פראקטיק פונ דעמ אלוועלטלעכנ סאָציאַל־פאשיזמ,—אָט דאָס איז דער פּאָליטישער זינ פונ קארל מארקס יאָרטאָג.

* * *

אינ וואָס באשטייט מארקס גרויסקייַט, אינ וואָס איז זייַנ אלוועלטלעכ־היסטאָרישער פארדינסט? „דער גרויסער אלוועלטלעכ־היסטאָרישער פארדינסט פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ, זאָגט לענינ, באשטייט אינ דעמ, וואָס זיי האָבנ דורכנ וויסנשאפטלעכנ אנאליז דערוויזנ דעמ אומפארמיידלעכנ קראכ פונ קאפּיטאליזמ אונ זייַנ איבערגאנג צומ קאָמוניזמ, אינ וועלכנ עס וועט מער ניט זייַנ די עקספּלואטאציע פונ איינ מענטשנ דורכ א צווייטנ.

דער גרויסער אלוועלטלעכ־היסטאָרישער פארדינסט פונ מארקסנ אונ ענגעלסנ באשטייט אינ דעמ, וואָס זיי האָבנ אָנגעוויזנ די פּראָלעטאריער פונ אלע לענדער זייער ראָלע, זייער אופגאבע, זייער בארופ: אופהייבנ זיכ די ערשטע צומ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ קעגנ קאפּיטאל, פארייניקנ ארומ זיכ אינ דעמ דעמאָקראטישנ קאמפ אלע ארבעטנדיקע אונ עקספּלואטירטע"[1].

אונ אינ א צווייטנ אָרט: „דער איקער אינ מארקס לערע, איז—דאָס אופקלערנ די אלוועלטלעכ־היסטאָרישע ראָלע פונ פּראָלעטאריאט, אלס דעמ שעפער פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט"[2].

אלזאָ, דער וויסנשאפטלעכער אנאליז פונעמ אופקומענ, פונ דער אנטוויקלונג אונ פארניכטונג פונ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, וואָס איז געגעבנ געוואָרנ דורכ מארקסנ, האָט באגרינדעט דעמ אומפארמיידלעכנ איבערגאנג פונ קאפּיטאליזמ צומ קאָמוניזמ. מארקס האָט באוויזנ, וויאַזוי אפ די כורוועס פונ פעאָדאליזמ איז אויסגעוואקסנ די הייַנטצייַטיקע בורזשואזע געזעלשאפט, ווי דער פעאָדאלער צעכאָווער פּראָדוציר־אויפנ אונ אפילע די מאנופאקטור זייַנענ ניט געווענ בעקויעכ צו באפרידיקנ דעמ נאָכפרעג אפ סכוירעס, וואָס האָט זיכ אנטוויקלט צוזאמענ מיט אנטדעקנ נייַע מערק (דאָס אנטדעקנ אמעריקע, דעמ

1) Ленин. Маркс—Энгельс—Марксизм. Партиздат 1932 г., стр. 60.
2) „ „ „ „ „ „ „ 68.

יאם־וועג ארום אפריקע א.א.וו.), ווי דער פעאָדאליזם, וועלכער האָט ניט נאָר ניט געהאָלפנ, נאָר געשטערט אנטוויקלענ די פראָדוקציע, איז מיט גוואלט באזײַטיקט געוואָרנ דורכנ קאפיטאליזם. מארקס האָט באוויזנ, אז אויב די בורזשואזיע האָט אינ דער פארגאנגענהײַט געשפילט „א זייער גרויסע רעוואָלוציאָנערע ראָליע“, — זי האָט פאר דער צײַט פונ איר הערשאפט „געשאפנ מעכטיקערע אונ גראנדיעזערע פראָדוציר־קויכעס, איידער אלע פריערדיקע דורעס צוזאמענ גענומענ“, — איז שוינ צום סאָפ פונ דער ערשטער העלפט פונעם 19־טנ יאָרהונדערט קלאָר געוואָרנ, אז די בורזשואזע געזעלשאפט, איז אינערלעכ אומהײַלבאר — ווידערשפרעכלעכ, אז די בורזשואזיע איז ענלעכ „אפ א קישעפמאכער, וועלכער איז ניט אימשטאנד זיכ ספראווענ מיט די אונטערערדישע קויכעס, וועלכע ער האָט ארויסגערופנ מיט זײַנע שפרוכנ“ [1]).

דערדאָזיקער ווידערשפרוכ צווישנ דעם געזעלשאפטלעכנ כאראקטער פונ דער פראָדוקציע אונ דעם פריוואטנ אויפנ פונ צוייגענענ, ווערט בולעט אינ די פעריאָדיש־איבערכאזערנדיקע האנדל־קריזיסנ—די קריזיסנ פונ איבערפראָדוקציע.

„אינדערצײַט פונ קריזיסנ ווערט שטענדיק פארניכטעט א באדײַטנדיקער טייל ניט נאָר פונ די שוינ־פארטיקע פראָדוקטנ, נאָר אפילע פונ די פראָדוציר־קויכעס, וועלכע געפינענ זיכ אינ רעשוס פונ דער געזעלשאפט. אינדערצײַט פונ קריזיסנ קומט אָנ אנ עפידעמיע, וועלכע וואָלט אינ די פריערדיקע עפאָכעס אויסגעזענ ווי אנ אבסורד, אנ עפידעמיע פונ איבערפראָדוקציע“ [2]).

דאָס אלצ באווײַזט, אז די בורזשואזע אייגנטום־באציונגענ געפינענ זיכ אינ אנ אומבעשאָלעמדיקנ קאָנפליקט מיט די פראָדוציר־קויכעס, אז דער קאפיטאליזם איז ניט נאָר וואָס ער העלפט שוינ ניט דער אנטוויקלונג פונ די פראָדוציר־קויכעס, נאָר ער איז שוינ זייער גרעסטער אונ געפערלעכסטער טאָרמאָז.

דער קאפיטאליסטישער פראָדוציר־אויפנ האָט באנקראָטירט, ער דארפ פאלנ. נאָר זײַנ פאלנ וועט פאָרקומענ ניט סטיכייִש, ניט אוטאָמאטיש. די בורזשואזיע האָט ניט נאָר געשאפנ מאטעריעלע פאָרהאנאָכעס—ווי די גרויסע אינדוסטריע—פאר דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט, נאָר זי האָט אויכ געשאפנ איר באגרעבער—די פראָלעטאריער.

די פראָלעטאריער זײַנענ געצוווּנגענ, אונטערנ שרעק פונ הונגער־טויט, פארקויפנ זייער ארבעט־קראפט ווי א סכוירע. דער ארבעטער ווערט א פראָסטער צוגאָב צו דער מאשינ, זײַנ ארבעט איז פרײַ פונ יעדער זעלבשטענדיקײַט אונ אינטערעס. ער איז א קנעכט פונ קאפיטאליסטישנ קלאס, וועלכער זויגט אויס פונ אים דורכ זײַנ עקספּלואטאציע די לעצטע זאפטנ. „דער ארבעטער ווערט א קאפצנ, אונ די אָרעמקײַט אנטוויקלט זיכ נאָכ שטארקער איידער די באפעלקערונג אונ רײַכקײַט“. דער דעספּאָטישער יאָכ פונ די קאפיטאליסטנ, די אלצ מער זיכ פארגרעסערנדיקע פארארעמונג, די כראָנישע ארבעטלאָזיקײַט שטויסט די ארבעטער אפ בירגערקריג מיטנ קאפיטאליסטישנ קלאס.

מארקס שפּירט נאָכ די הויפט־עטאפנ פונ דעמדאָזיקנ בירגערקריג, אָנהייבנדיק פונ די ערשטע צעשפּליטערטע אונ סטיכייִשע אופברויזנ פונ ארבעטער־צאָרנ ביז דעם מאָמענט, ווענ דער פראָלעטאריאט אָרגאניזירט זיכ אינ דער שטרענגער שול פונ קלאסנקאמפ „אינ א באזונדערנ קלאס, אונ צוזאמענ מיט דעם אויכ אינ א פּאָליטישער פארטיי“, „ווענ די־

[1]) Ком. манифест. Изд. Ин-та Маркса—Энгельса, 6 изд., стр. 52, 54.
[2]) „ „ „ „ „ „ „ „ 55.

דאָזיקע מילכאָמע ווערט פארוואנדלט אינ אנ אָפענער רעוואָליוציע, אונ דער פראָלעטאריאט דורכ אראָפווארפנ מיט גוואלט די בורזשואזיע, פארלייגט א גרונט פאר זײַנ הערשאפט" [1]).

פאָרזעצנדיק אונ אנטוויקלענדיק מארקס לערע אינ דער עפּאָכע פונ אימפעריאַליזם אונ פראָלעטארישע רעוואָליוציעס, האָט לענינ געגעבנ אנ אויסערגעוויינלעכ־רײַכנ אונ טיפנ אנאליז פונ דער מאָנאָפּאָליסטישער סטאדיע פונ קאפיטאליזם. לענינ האָט אָנגעוויזנ אפ 5 גרונט־סימאָנימ פונ אימפעריאַליזמ: „1) די קאָנצענטראציע פונ דער פראָדוקציע אונ קאפיטאל, וועלכע איז דערגאנגענ צו אזא הויכער שטופע פונ אנטוויקלונג, אז זי האָט געשאפנ די מאָנאָפּאָליעס, וועלכע שפילנ אנ אנטשיידנדיקע ראָלע אינעמווירטשאפטלעכנ לעבנ; 2) דאָס צונויפגיסנ זיכ פונעמ באנק־קאפיטאל מיטנ אינדוסטריעלנ קאפיטאל אונ דאָס שאפנ, אפ דער באזע פונ דעמדאָזיקנ „פינאנצ־קאפיטאל", די פינאנצ־אָליגארכיע; 3) דאָס ארויספירנ קאפיטאל אינ אונטערשייד פונ ארויספירנ סכוירעס, באקומט א באזונדערס וויכטיקע באדײַטונג; 4) עס בילדנ זיכ צווישנפעלקערלעכע מאָנאָפּאָליסטישע פאַרבאנדנ פונ די קאפיטאליסטנ, וועלכע טיילנ פאנאנדער די וועלט, אונ 5) עס איז פארענדיקט די טעריטאָריעלע צעטיילונג פונ דער ערד דורכ די גרעסטע קאפיטאליסטישע מעלוכעס" [2]).

לענינ האָט אופגעדעקט אונ באוויזנ, וויאַזוי די מאָנאָפּאָליע רופט ארויס די טענדענצ צו פארגליווערטקײַט אונ פארפוילונג, לענינ האָט אופגעדעקט דעמ פאראזיטיזמ פונעמ פוילנדיקנ אונ אָפּשטארבנדיקנ קאפיטאליזמ, לענינ האָט אופגעדעקט אונ באגרינדעט דעמ געזעצ פונ דער ניט גלײַכמעסיקער, שפרונגארטיקער אנטוויקלונג פונ מאָנאָפּאָליסטישנ קאפיטאליזמ. דערדאָזיקער טיפער אנאליז פונעמ אימפעריאַליזמ האָט געגעבנ לענינענ א מעגלעכקײַט פעסטצושטעלנ, אז דער אימפעריאַליזמ „איז דער ערעוו פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע" אונ מאכנ אנ אויספיר, „אז דער זיג פונ סאָציאַליזמ איז מעגלעכ צוערשט אינ אייניקע אונ אפילע אינ איינעמ, א באזונדער גענומענעמ קאפיטאליסטישנ לאנד" [3]).

לענינ האָט געלערנט, „אז דער פראָלעטאריאט, וואָס האָט געזיגט אינעמ דאָזיקנ לאנד, נאָכדעמ, ווי ער האָט עקספּראָפּריִרט די קאפיטאליסטנ אונ האָט אָרגאניזירט בא זיכ די סאָציאַליסטישע פראָדוקציע, וואָלט זיכ געשטעלט קעגנ דער איבעריקער קאפיטאליסטישער וועלט, צוציִענדיק צו זיכ די אונטערדריקטע קלאסנ פונ אנדערע לענדער, אופהייבנדיק בא זיי אנ אופשטאנד קעגנ די קאפיטאליסטנ, ארויסטרעטנדיק אינ א נויטווענדיקנ פאל אפילע מיט א מיליטערישער קראפט קעגנ די עקספּלואטאטערישע קלאסנ אונ זייערע מעלוכעס" [4]).

מיר זעענ אפ אזא אופנ, אז די קאָלערליי מענשעוויסטישע טעאָריעס פונ סטיכיישנ, אווטאָמאטישנ קראכ פונ קאפיטאליזמ זײַנענ טיפ פײַנטלעכ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. א דירעקטער אָפּגיינ פונ מארקסיזמ איז אינ גרונט די קאוטסקיאַנישע פּאָזיציע פונ ראָזע ליוקסעמבורג, וועלכע האָט באהויפּטעט, אז די רעאליזאציע פונעמ מערווערט איז מעגלעכ נאָר דאנ, ווענ צוגלײַכ מיט דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט עקזיסטירט לעבנ איר א ניט קאפיטאליסטישע אונ איז געקומענ צומ פאטאליסטישנ אויספיר, אז דער קאפי־

[1]) Ком. манифест, стр. 59.
[2]) Ленин. Империализм как новейший этап капитализма, гл, VII.
[3]) Ленин. О лозунге Соединенных штатов Европы.
[4]) Ленин. там же.

טאליזם דארף אויטאָמאטיש אונטערגיין אדאנק דער פארניכטונג פונעם „ניט קאפיטאלי־סטישן מארק". פון ראָזע ליוקסעמבורגס קאָנצעפּציע (אויסערן פארקריפּלען מארקס סכעמע פון פארקער און רעאליזירן סכוירעס אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט) איז ארויס־געפאלן, אפ אזא אויפן, דער אימפעריאליזם, ווי דער לעצטער עטאפּ פון קאפיטאליזם מיט אלע זיינע קוואליטאטיווע באזונדערקייטן, מיט אלע זיינע טיפע ווידערשפרוכן, עס איז ארויסגעפאלן די ראָלע פון קלאסנקאמף, עס איז ארויסגעפאלן דער סוביעקטיווער פאקטער — די רעוואָליוציאָנערע אקטיוויטעט פון דעם ארבעטער־קלאס און באזונדערס די ראָלע פון דער פארטיי אין דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

פאקטיש איז אף דער קאוטסקיאנישער פּאָזיציע פון אולטרא־אימפעריאליזם געשטאנען און עס שטייט דער טראָצקיזם, וועלכער איז איצט געוואָרן דער פאָרויסגייענדיקער אָטריאד פון דער אלוועלטלעכער קאָנטער־רעוואָליוציע.

טראָצקי האָט קעסיידער געקעמפט קעגן דער לענינישער לערע וועגן אימפעריאליזם. ער האָט אינגאנצן אָפּגעלייקנט דעם מאָנאָפּאָליסטישן כאראקטער פון אימפעריאליזם און די ראָלע פון די מאָנאָפּאָליעס. ער האָט אנטוויקלט א „טעאָריע" וועגן דעם אָפּשטארבן פון דער קאָנקורענץ באם אימפעריאליזם. פונעם פאקטישן אָפּלייקענען די טיפע ווידער־שפּרוכן פון אימפעריאליזם איז ארויסגעדרונגען די טיף־רעאקציאָנערע טעאָריע פון די „פאריייניקטע שטאטן פון אייראָפּע", וועלכע פארבייט די אויפגאבע פונעם קאמף פאר א סאָציאליסטישער רעוואָליוציע מיט דער אויפגאבע פונעם קאמף פאר שאפן א קאפּי־טאליסטישע פעדעראטיווע מעלוכע; אין פולן איינקלאנג מיט דעם איז געווען זיין פאקטישע און רעאקציאָנערע אפּאָלאָגיע פון דער מילכאָמע פון 1914 י., וועלכע פירט, קלוימערשט, צום אלוועלטלעכן טרעסט. אָפּלייקענענדיק דעם לענינישן געזעץ פון דער ניט גלייכמעסיקער שפּרונגארטיקער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג באם אימפעריאליזם, האָט טראָצקי געמאכט אן אויספיר וועגן דער אומעגלעכקייט אויסצובויען דעם סאָציאליזם אין איין לאנד און האָט זיך געשטעלט אינדערשפּיץ פונעם פאָרויסגייענדיקן אָטריאד פון דער צווישנפעלקערלעכער קאָנטער־רעוואָליוציע.

אונטער לענינס אָנפירונג, אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, וועלכע איז דורך אים געשאפן געוואָרן, האָט דער ארבעטער־קלאס פון דעם געוועזענעם צארישן רוסלאנד דורכגעריסן די קייט פונעם אימפעריאליסטישן פראָנט, האָט עקספּראָ־פּריִרט די עקספּראָפּריאטערס און האָט איינגעשטעלט זיין דיקטאטור.

פאָרזעצנדיק לענינס זאך האָט כ' סטאלין געגעבן אויסערגעוויינלעך־טיפע אנאליזן פון דער רעליאטיווער, טיילווייזער סטאביליזאציע פון קאפּיטאליזם. אפן 16־טן צוזאמענפאָר האָט כ' סטאלין געזאָגט, „אז די סטאביליזאציע פון קאפּיטאליזם קומט צום סאָף", אז „דער אויפשטייג פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פון די מאסן וועט אָנוואקסן מיט א נייער קראפט".

אף אזא אויפן האָט מארקס און זיינע גרויסע פאָרזעצער לענין און סטאלין געפירט און פירן דעם ארבעטער־קלאס פון אלע לענדער צום אראָפּוואַרפן די קאפּיטאליסטישע געזעלשאפט, צו דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע, צו דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט, צו אויסבויען די קאָמוניסטישע געזעלשאפט.

ווי איז אָבער די טעאָריע און פּראקטיק פון דעם אלוועלטלעכן סאָציאל־פאשיזם, וואָס גרייט זיך אויך „פייערן" דעם גרויסן יאָרטאָג פון מארקסן? דער בעסטער באשולדיקונג־אקט זיינען זייערע אייגענע מעסים און ארויסזאָגונגען.

מארקס האָט גערעדט וועגנ זיכ ווי וועגנ א „טויט־פּײַנט פונ קאפּיטאליזמ".

דער סאָציִאַל־דעמאָקראט עבערט—דער ערשטער פּרעזידענט פונ דער דײַטשישער רעפּובליק—איז געווענ א טויט־פּײַנט ניט פונ קאפּיטאליזמ, נאָר פונ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. „**איכ האס**, פלעגט ער זאָגנ, **די רעוואָליוציע, ווי א מאגײַפּע**".

„יעדע רעוואָליוציע, שרײַבט אנ אנדער זײַל פונעמ אלוועלטלעכנ סאָציִאַל־פאשיזמ—אָטאָ באוער,—**דארפ אָפּהיטנ איר אנטוויקלונג פונ** די **מאסנ**, וועלכע זײַנענ פול מיט רעוואָלוציאָנערע אילוזיעס, וועלכע ווערנ פארכאפּט מיט רעוואָליוציאָנערע לײַדנשאפטנ".

„דאָס דארפ מענ ניט פארגעסנ, שרײַבט קארל צווינג, אז דער ארבעטער־קלאס איז א טייל פונ דער קאפּיטאליסטישער סיסטעמ. **דער אונטערגאנג פונ דער דאָזיקער סיסטעמ וואָלט געווענ אויכ זײַנ אונטערגאנג** (?!). דעריבער פאלט אויס אפנ גורל פונעמ ארבעטער־קלאס דער גרויסער היסטאָרישער כויוו **דורכ צופּאסנ זיכ צו דער דאָזיקער סיסטעמ** דערשלאָגנ זיכ די פארפולקומונג פונ דער גאנצער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג".

„איכ געפינ אײַנ, שרײַבט זיידעל, אז מיט **אונדזער גאנצער אופירונג** באַווײַזנ מיר **א גרייטקײַט** ארומצורינגלענ **די דאָזיקע מעלוכע** (דאָ רעדט זיכ וועגנ א בורזשואזער מעלוכע—י. ק.) מיט אזא **ליבע**, צו וועלכער עס איז קומ פּייִק אינ דער איצטיקער צײַט וועלכער ניט איז אנדערער סאָציִאַלער שיכט".

אפנ ווינער קאָנגרעס פונ 2־טנ אינטערנאציִאָנאל האָט איינ דעלעגאט, א געטרײַער לאקיי פונ דער קאפּיטאליסטישער קאטערגע—אויסגעדריקט זײַנ באציִונג צו דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ פאָלגנדיקע ווערטער: „דער קאפּיטאליזמ מוז לאָזנ **די סאָציִאַל־דעמאָקראטיע זאָל אימ ראטעווענ**. וויי צו אימ, אויב ער וועט עס ניט טאָנ".

די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכ־שמוציקע לאקײַישע און אָפּנהערציקע מעלדונגענ פונ די סאָציִאַל־פאשיסטנ ווײַזנ קלאָר, אז די סאָציִאַל־דעמאָקראטנ זײַנענ **די גרעסטע פארעטער** פונעמ **ארבעטער־קלאס**, די **פארביסנסטע סאָנימ פונ קארל מארקס רעוואָליוציאָנערער לערע**. מארקס האָט געשריבנ, אז די קאָמוניסטנ „מעלדנ אָפנ, אז זייערע ·צילנ קענענ דערגרייכט ווערנ דורכ אראָפּוואַרפנ מיט גוואלט די גאנצע הײַנטצײַטיקע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג" [1]. מארקס האָט געלערנט, „אז די געזעלשאפט, וואָס איז געגרינדעט אפ דער **קעגנזעצלעכקײַט** פונ קלאסנ, קומט, ווי צו דער לעצטער אנטשיידונג, צומ גראָבנ **ווידערשפּרוכ**, צומ פיזישנ צוזאמענשטויס פונ די מענטשנ"; מארקס האָט געהאלטנ, אז דאָס „לעצטע וואָרט פונ דער סאָציִאַלער וויסנשאפט" אינ דער קלאסנ־געזעלשאפט איז דער לאָזונג: „מילכאָמע אָדער טויט; א בלוטיקער קאמפ אָדער פארניכטונג" [2].

די הײַנטצײַטיקע סאָציִאַל־פאשיסטנ האָבנ **מוירע פאר דער רעוואָליוציע ווי פאר א מאגייפע**, זיי זײַנענ די געטרײַע הינט פונ דער קאפּיטאליסטישער סיסטעמ, זיי פילנ אנ אָרגאנישנ עקל צומ גוואלדטאט פונ פּראָלעטאריאט איבער די קאפּיטאליסטנ און אָנערקענענ נאָר... **דעמ גוואלט פונ די קאפּיטאליסטנ איבערנ ארבעטער־קלאס**. די הײַנטצײַטיקע סאָציִאַל־פאשיסטנ זײַנענ די הענקער פונ אלע פּראָלעטע־

1) Ком. манифест, стр. 79.

2) К. Маркс. Нищета философии. Ин-т Маркса—Энгельса, 1932 г., стр. 165.

טארישע רעוואָליוציעס—עס איז גענוג זיכ צו דערמאָנענ אָנ דער טעטיקײַט פונ די „בלוט־הינט“ נאָסקע, זעווערינג, צערגיבעל,—זיי זײַנענ די מערדער פונ ק. ליבקנעכט אונ ר. ליוקסעמבורג. עס איז דעריבער ניט קיינ וווּנדער, וואָס די בורזשואזיע צאָלט איר געטרײַע לאַקייענ מיט אכטונג אונ דאנקבארקײַט. אזוי צום בײַשפּיל, רופט זיכ טשערטשיל אָפּ מיט פאָלגנדיקע ווערטער וועגנ נאָסקענ: „אינ דער לאנגער רײ פונ קעניגנ מעלוכע־מענער אונ מיליטער־לײַט, אָנהײבנדיק פונ פרידריכנ אונ ענדיקנדיק מיט הינדענבורגנ, וועט אויסגעטײלט ווערנ אנ אָרט נאָסקענ—דעמ טרײַענ זונ פונ זײַנ פאָלק, וועלכער האָט אינ דער אלגעמײנער פאניק געהאנדלט אָנ מוירע לעטויוועס דעמ געזעל־שאפטלעכנ ווילשטאנד“.

זאָל עמיצער זאָגנ, אז נאָסקע, אונ צוזאמענ מיט אימ אויכ די גאנצע סאָציאַל־דעמאָקראטיע, האָט ניט פארדינט דעמדאָזיקנ קוש פונעמ בלוטיקנ אימ־פעריאַליסט טשערטשיל!

פאר דער לעצטער צײַט, אינ די באדינגונגענ פונעמ סאָפּ פונ דער טײלווײַזער סטא־ביליזאציע פונ קאפיטאליזמ, פונעמ וווּקס פונ רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג פונעמ ארבעטער־קלאס, פונ דער באָלשעוויזאציע פונ אונדזערע ברידערלעכע קאָמפּארטײענ, גײענ אלצ מער אונ מער ארבעטער אָפּ פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע. די סאָציאַל־דעמאָקראטיע, וועלנדיק אײַנהאלטנ אונטער איר קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער ווירקונג די אָפּגענארטע מאסנ, וואָס גײענ נאָכ דערווײַל נאָכ איר, באנוצט אלצ מער אונ מער „לינקע“ מאנעווערנ. זי פאר־נעמט זיכ מיט דער פאלשער פלאפלערײַ וועגנ דעמ, אז זי איז „גרייט“ צו קעמפנ פארנ „סאָציאַליזמ“, פארנעמענדיק זיכ מיט אָפענעמ פאראט אינ די עקאָנאָמישע אונ פּאָליטישע שלאכטנ פונ פראָלעטאריאט.

צולעצט, פארדעקט זי אונ בארעכטיקט איר קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע פראקטיק מיטנ אָרדנטלעכנ ליגנ פונ אָטאָ באוער, אז עס איז פאראנ, קלוימערשט, אינ דער גאנצער וועלט „א קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע סיטואציע“, וועלכע מאכט, קלוימערשט, „אומעגלעכ“ די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע, פארשווײַגנדיק פארשטענדלעכ איר דירעקטע הילפ דעמ אלוועלטלעכנ פאשיזמ, ניט רײדנדיק א וואָרט וועגנ דעמ ניט געזעענעמ וווּקס פונ פ.ס.ס.ר.—דער שלאָג־בריגאדע פונ אלוועלטלעכנ פראָלעטאריאט, אונ וועגנ דעמ, אז עס פארשטארקט זיכ די רעוואָליוציאָנערע אקטיווקײַט פונ די עקספּלואטירטע קלאסנ אונ אונטערדריקטע פעלקער, וועלכע שטעלט אינ טאָג־אָרדענונג דעמ קאמפ פאר ארעפּוואַרפנ דעמ קאפיטאליזמ.

* * *

פונ שטאנדפונקט פונ מארקסיזמ־לעניניזמ איז דער הײַנטצײַטיקער קאפיטאליזמ אנ אָפּשטארבנדיקער, צעפוילנדיקער קאפיטאליזמ. דער אלוועלטלעכער קריזיס האָט צעטרייסלט די קאפיטאליסטישע סיסטעמ אינ איר גרונט. די בורזשואזיע זוכט אנ אויסגאנג פונ קריזיס אינעמ ווײַטערדיקנ פאשיזירנ די מעלוכע, אינ א נײַער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע, אינ א נײַער אינטערווענציע קעגנ דעמ פ.ס.ס.ר. דער ארבעטער־קלאס זוכט אנ אויסוועג, קעמפנדיק קעגנ דער קאפיטאליסטישער עקספּלואטאציע אונ מילכאָמע־געפאר, אינ א רע־וואָליוציע. „אפ דעמדאָזיקנ ארויסרופ פונ דער אלוועלטלעכער בורזשואזיע, איז געזאָגט אינ די רעזאָליוציעס פונ 12־טנ פלענומ פונ קאָמינטערנ־אויספירקאָמ, דארפנ די סעקציעס

פונ קאָמינטערנ ענטפערנ מיטנ אַלזײַטיקנ פאַרשטאַרקנ זייער באָלשעוויסטישע אַרבעט—דאַרפנ פאַרגיכערנ די רעוואָליוציאָניזירונג פונ די ברייטע מאַסנ, פאַנאַנדערוויקלענ אונ שטעלנ זיכ אינדערשפּיצ פונ די קלאַסנ־שלאַכטנ פונ די אַרבעטנדיקע אָפנ גרונט פונ אַנ איינהײַטלעכנ פראָנט פונ־ונטנ, צופירנדיק דעמ אַרבעטער־קלאַס צו דעמ מאַסאָווונ פּאָליטישנ שטרײַק, באַהערשנ די מערהײַט פונעמ אַרבעטער־קלאַס, ווענדנ די גאַנצע באַוועגונג פונ די עקספּלואַטירטע קלאַסנ אונ אונטערדריקטע פעלקער אינעמ שטראָמ פונ דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע".

אינ קעגנזאַצ צו דעמ, מיעסט זיכ ניט די אַלוועלטלעכע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע—דערדאָזיקער הויפּט־אָנשפּאַר פונ דער בורזשואַזיע אינעמ אַרבעטער־קלאַס—מיט קיינ שומ מיטלענ, קעדיי אײַנוואָרצלענ אינ די עקספּלואַטירטע קלאַסנ אונ אונטערדריקטע פעלקער דעמ גלויבנ אינ דער קראַפט פונ קאַפּיטאַליזמ, אינ זײַנע לעבנ־קויכעס, אינ זײַנ עקאָנאָמישער צוועקמעסיקײַט. „מיר זעענ, שרײַבט קאַוטסקי, אַז די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע באַזירט זיכ אײַנגאַנצנ אָפּ אַנדערע יעסוידעס, ווי די ביז־קאַפּיטאַליסטישע מעטאָדנ. זי באַזירט זיכ ניט אָפנ מיליטערישנ איבערוואָג פונ עקספּלואַטאַטערישנ קלאַס, נאָר אָפ דער עקאָנאָמישער נויטווענדיקײַט פונ אייגנטומ, די עקזיסטענצ פונ וועלכער עס קענ אַפילע געמאַכט ווערנ פאַר איבעריק, אַדאַנק אַ מער פולקומער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע, נאָר וועלכע קענ ניט באַזײַטיקט ווערנ דורכ אַ פּראָסטנ מיליטערישנ גוואַלדטאַט אָנ אַ שווערנ ווירטשאַפטלעכנ העזעק פארנ לאַנד... דאָס אייגנטומ, אָפ וועלכער עס באַזירט זיכ די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע, איז אַ צײַטווײַליקע עקאָנאָמישע נויטווענדיקײַט ניט נאָר פאַר די עקספּלואַטאַטערס, נאָר אויכ פאַר די עקספּלואַטירטע. זי נייטיקט זיכ ניט דעריבער פאַר איר פאַרטיידיקונג אינ קיינ שומ מיליטערישער קראַפט, וואָס איז געווענדעט קעגנ דעמ אַרבעטער־קלאַס אינגאַנצנ גענומענ. דער קאַפּיטאַל נייטיקט זיכ נאָר אינ שוצ, אַז דער לומפּנ־פּראָלעטאַריער זאָל ניט אָנרירנ זײַנ פּריוואַט־אייגנטומ, אונ אויכ אַז אייניקע שיכטנ פונעמ אַרבעטער־קלאַס, וועלכע זײַנענ אַרײַנגעשלײַדערט געוואָרנ אינ אַנ אומבאַשרײַבלעכער אָרעמקײַט דורכ דער קאַפּיטאַליסטישער האַרטקײַט, זאָלנ ניט באַגייִנ קיינ נאַריש־פאַרצווייפלטע שריט. פאַר אַנ ענלעכער שוצ באַנוגנט זיכ דער קאַפּיטאַל מיט דער פּאָליציי". אינ אַנ אַנדער אָרט גיט קאַוטסקי אָנצוהערנ... אַז „פונ ריינ־עקאָנאָמישנ שטאַנדפּונקט איז ניט אויסגעשלאָסנ, אַז דער קאַפּיטאַליזמ וועט נאָכ איבערלעבנ אַ נײַע פאַזע, ... אַ פאַזע פונ אולטראַ־אימפּעריאַליזמ".

לויט קאַוטסקיס מיינונג איז דער קאַפּיטאַליזמ „אינ איצטיקנ מאָמענט דער איינציקער מעגלעכער מעטאָד פונ ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג". אָפ אַזאַ אופנ קומט אויס, לויט קאַוטסקינ, אַז דער קאַפּיטאַליזמ איז ניט קיינ אַנטאָגאָניסטישע עקאָנאָמישע סיסטעמ, וואָס לעבט שוינ אָפּ איר צײַט, נאָר די איינציק־מעגלעכע סיסטעמ אינ דער איצטיקער צײַט, אַז אינ איר אופהיטונג זײַנענ אַלציינס פאַרינטערעסירט סײַ די קאַפּיטאַליסטנ אונ סײַ די אַרבעטער, אַז זי וועט נאָכ לאַנג עקזיסטירנ, אַז די „פאַרגעניגנס" פונ קאַפּיטאַליסטישנ „גאַניידנ" פאַרשטייענ ניט נאָר „באָסיאַקעס" אונ... קאָמוניסטנ, וועלכע די פּאָליציי קלאַפּט מיט „רעכט" מיט אירע שטעקנס אונ איז זיי מעכאַבעד מיט טרערנ־באָמבעס.

אַ צווייטער טעאָרעטיקער פונ 2־טנ אינטערנאַציאָנאַל—הילפערדינג האָט נאָכ דאָ ניט לאַנג געזונגענ לויב־געזאַנגענ (אונ אימ האָבנ אונטערגעהאָלפנ אונדזערע רעכטע אָפּנייגלער)

דעם אָרגאַניזירטנ קאַפּיטאַליזמ. „דער אָרגאַניזירטער קאַפּיטאַליזמ, האָט נעוויִעס געזאָגט הילפערדינג, באַטײַט אינ דער ווירקלעכקײַט דאָס פּרינציפּיִעלע פאַרבײַטנ דעמ קאַפּיטאַליסטישנ פּרינציפּ פונ פרײַער קאָנקורענצ אפּ דעמ סאָציִאַליסטישנ פּרינציפּ פונ פּלאַנאָוועער פּראָדוקציע".

אַזוי, האָט הילפערדינג, אויספּילנדיק די קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע סאָציִאַלע באַשטעלונג פונ דער בורזשואַזיע, „פאַרוואַנדלט" די אַנאַרכיע פונ דער פּראָדוקציע אינ א פּלאַנאָוועער ווירטשאַפט, דעמ קאַפּיטאַליזמ אינ סאָציִאַליזמ, דעמ אומבאַרעכמאָנעסדיקנ קאַמפּ פונ קלאַסנ אינ... „א ווירטשאַפטלעכער דעמאָקראַטיע".

אינ דיזעלבע טענער האָט אויכ געזונגענ פּריצ נאַפּטאַלי. „מיר זעענ, האָט ער געזאָגט אפנ בריוסעלער קאָנגרעס פונ 2־טנ אינטערנאַציִאָנאַל, אַז דער קאַפּיטאַליזמ איז איצט מער לעבנפייִקער, פיל מער לעבנפייִקער, ווי אונדז וואָלט זיכ עס געוואָלט. דער קאַפּיטאַליזמ האָט נאָכ ניט אויסגעפּילט ביזנ סאָפ זײַנ היסטאָרישע ראָלע... מיר האָבנ דאָ ניט קיינ סטאַביליזאַציע פונ קאַפּיטאַליזמ. ס'איז נאַריש צו זאָגנ, אַז דער קאַפּיטאַליזמ סטאַביליזירט זיכ נאָר דערפאַר, ווײַל ער עקזיסטירט נאָכ. מיר שטייענ אינ דער ווירקלעכקײַט ניט פאַר א סטאַביליזאַציע, נאָר פאַר אומגעהויערע ענדערונגענ אינ קאַפּיטאַליזמ. מיט א באַזונדערער בוילעטקײַט זעענ מיר, אַז דער קאַפּיטאַליזמ איז א דינאַמישע סיסטעמ, וועלכע איז אונטערגעוואָרפנ פיל ענדערונגענ; מיר זעענ, אַז אינ דערדאָזיקער ענדערונג פונעמ קאַפּיטאַליזמ אַנטוויקלענ זיכ שוינ בוילעט עלעמענטנ פונ א נײַער עקאָנאָמישער אָרדענונג, עלעמענטנ פונ א סאָציִאַליסטישער ווירטשאַפט".

פונ דעמ מאַכט נאַפּטאַלי — דערדאָזיקער זינגער פונעמ אַרײַנוואַקסנ פונ דער קאַפּיטאַליסטישער כאַזערישקײַט אינ סאָציִאַליזמ — פאָלגנדיקנ אויספיר: „פונ דערדאָזיקער ענדערונג פונעמ קאַפּיטאַליזמ דרינגענ אַרויס ווײַטגייענדיקע פאָדערונגענ פאַר דער טאַקטיק פונעמ אַרבעטער־קלאַס. מיר שטייענ שוינ איצט מער ניט פאַר דער אויפגאַבע פונ קריטיקירנ די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעמ אינגאַנצנ גענומענ; מיר שטייענ הײַנט פאַר דער פּראַקטישער אויפגאַבע — שטיצנ ווײַטער יענע טענדענצנ פונ אַנטוויקלונג אינ דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעמ, וועלכע פירנ צו דער סאָציִאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פונ דער ווירטשאַפט".

אונדז דאַכט זיכ, אַז וועלכע ניט איז קאָמענטאַרנ צו דידאָזיקע אַרויסזאָגונגענ פונ די סאָציִאַל־פאַשיסטנ זײַנענ איבעריק.

* * *

„צווישנ דער קאַפּיטאַליסטישער אונ דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט ליגט, האָט געשריבנ מאַרקס, א פּעריִאָד פונ רעוואָליוציִאָנערנ פאַרוואַנדלענ דעמ ערשטנ אינעמ צווייטנ. דעמדאָזיקנ פּעריִאָד אַנטשפּרעכט אויכ דער פּאָליטישער איבערגאַנג־פּעריִאָד, אונ די מעלוכע פונעמ דאָזיקנ פּעריִאָד קענ ניט זײַנ עפּעס אַנדערש, אויסער א רעוואָליוציִאָנערע דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט" [1]. די לערע וועגנ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט איז א לאָגישער סאַכאַקל פונ יענעמ נײַעמ, וואָס מאַרקס האָט געגעבנ אינ דער לערע וועגנ קלאַסנקאַמפּ. „דאָס, וואָס איכ האָב אויפגעטאָנ נײַס, האָט מאַרקס געשריבנ

1) Маркс. Критика Готской программы. Ин-т Маркса-Энгельса-Ленина, 1932 г. стр. 43

ווידעמייערנ, איז באַשטאַנענ אינ באַווייַזנ פאָלגנדיקנ: 1) אַז די עקזיסטענצ פונ קלאַסנ איז פאַרבונדנ בלויז מיט געוויסע היסטאָרישע שלאַכטנ, וואָס זייַנענ אייגנטימלעכ זיער אַנטוויקלונג פונ דער פּראָדוקציע, 2) אַז דער קלאַסנקאַמפ פירט אומבאַדינגט צו דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, 3) אַז דידאָזיקע דיקטאַטור אַליינ איז נאָר אַ איבערגאַנג צומ פאַרניכטנ אַלע קלאַסנ אונ צו אַ געזעלשאַפט אָנ קלאַסנ". די דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט איז יענער פּרווו־שטיינ, אויפ וועלכנ מע קאָנ אונ מע דאַרפ אויספּרווונ די ווירקלעכע אָנערקענונג פונ מאַרקסיזמ. „אַ מאַרקסיסט איז בלויז יענער, האָט געלערנט לענינ, ווער עס פאַרשפּרייט די אָנערקענונג פונ קלאַסנקאַמפ ביזנ אָנערקענענ די דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט".

דעמדאָזיקנ קאַמפ פאַר דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט האָבנ מאַרקס אונ ענגעלס אָפּגעגעבנ אַלע זייערע קרעפטנ, זייער גאַנצנ לעבנ. מאַרקס האָט אייַנגעזעענ דעמ גאַנצנ ווערט פונ זייַנ טעאָריע אינ דעמ, האָט געזאָגט לענינ, וואָס זי איז „לויט איר טאָכ— אַ טעאָריע אַ קריטישע אונ אַ רעוואָליוציאָנערע". דידאָזיקע „אייַנהייַטלעכקייַט" פונ דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע אונ רעוואָליוציאָנערער פּראַקטיק גייט דורכ ווי אַ רויטער שנור דורכ מאַרקס גאַנצער טעטיקייַט. עס איז גענוג אָנצווייַזנ, אַז שוינ אינ דער אָפּאָזיציאָנעלער „רייַנישער צייַטונג" איז מאַרקסנ אויסגעקומענ צו אַרבעטנ אינ באַדינגונגענ פונ אַ צווייענדיקער צענזור, אַז אינעמ „דייַטש־פראַנצויזישנ יאָרבוכ" טרעט שוינ מאַרקס אַרויס ווי אַ רעוואָליוציאָנער, וועלכער פּראָקלאַמירט אַנ אומבאַראַכמאָנעסדיקע קריטיק פונ דער גאַנצער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג אונ באַזונדערס די „קריטיק מיטנ געווער", אונ אַפּעלירט צו די מאַסנ אונ צומ פּראָלעטאַריאַט.

אינ דער „נייַער רייַנישער צייַטונג", וועלכע איז אַרויסגעגעבנ געוואָרנ אינ באַדינגונגענ פונ באַלאַגערונג־צושטאַנד, איז מאַרקס אָנ מוירע אָנגעפאַלנ „אויפ אַלעמ הייליקנ, פונ קייסער אונ רעגענט ביז די זשאַנדאַרמענ" (ענגעלס). עס איז גענוג אָנצווייַזנ אויפ מאַרקס־ענגעלס ראָלע אינ שאַפנ „די ערשטע אָרגאַניזאַציע פונ דער דייַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" (ענגעלס)—דעמ פאַרבאַנד פונ די קאָמוניסטנ, אויפ מאַרקס־ענגעלסעס ראָלע, ווי אויטערנ פונ קאָמוניסטישנ מאַניפעסט. עס איז גענוג אָנצווייַזנ אויפ דער ראָלע פונ מאַרקסנ אַלס שעפער אונ פירער פונ דער ערשטער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער־געזעלשאַפט, דעמ 1־טנ אינטערנאַציאָנאַל, מאַרקס איז געווענ די נשאָמע פונ דערדאָזיקער געזעלשאַפט, זאָגט לענינ, דער אויטער פונ זייַנ ערשטער „ווענדונג" אונ מאַסע רעזאָליוציעס, מעלדונגענ, מאַניפעסטנ [1]). עס איז גענוג אָנצווייַזנ אויפ מאַרקס־ענגעלסעס ראָלע אַלס אָנפירער פונ דער דייַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אַלס קעמפער פאַר דער פּאַרטיי־ליניע קעגנ די רעכטע אָפּאָרטוניסטנ, וועלכע האָבנ געפרייַדיקט דאָס אָפּזאָגנ זיכ פונ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ אונ פּשאָרע־מאַכערייַ מיט דער בורזשואַזיע (גיאָכבערג א. אַנד. אונ קעגנ די „לינקע" פראַזיאָרנ (באַקונינ, מאָסט).

פאָרזעצנדיק די גרויסע זאַכ פונ מאַרקס־ענגעלס, האָט לענינ ניט נאָר אויפגעשטעלט די לערע וועגנ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז פאַרגעסנ אונ פאַרקריפּלט געוואָרנ דורכ די אָפּאָרטוניסטנ אונ „לינקע" פונ אַלע לענדער, נאָר ער האָט זי אַנטוויקלט ווייַטער אונ קאָנקרעטיזירט אויפנ גרונט פונ דער דערפאַרונג פונעמ גאַנצנ צווישנפעלקערלעכנ קאַמפ, פונ אַרבעטער־קלאַס אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ אונ פּראָלעטאַרישע

[1]) Ленин. Маркс-Энгельс—Марксизм. стр. 13.

רעוואָליוציעס, אפנ גרונט פונ דער דערפארונג פונ די דרײַ רוסישע רעוואָליוציעס אונ דער נאָכאָקטיאַבערישער פראקטיק. לענינ האָט פאנאנדערגעארבעט די פראגע וועגנ דער פראָלעטארישער מעלוכע, וועגנ דער סאָוועטישער פאָרמ פונ דער דערדאָזיקער מעלוכע, וועגנ דער ראָלע פונ דער פארטיי אינ דער סיסטעמ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, וועגנ די וועגנ פונ בויענ דעמ סאָציאַליזמ, וועגנ צווײ פאזנ פונ קאָמוניזמ, וועגנ די עקאָנאָמישע יעסוידעס פונעמ אָפשטארבנ פונ דער מעלוכע.

דער בעסטער שילער אונ פאָרזעצער פונ לענינענ, דער כ׳ סטאלינ, האָט אנטוויקלט אונ קאָנקרעטיזירט די מארקסיסטיש־לענינישע לערע וועגנ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט אינ די הארבע קאמפנ מיט די רעכטע אָפנייגלער, וועלכע האָבנ געפרײַדיקט דאָס אָפזאָגנ זיכ פונ קלאסנקאמפ אונ דאָס פרידלעכע ארײַנוואקסנ פונ באלעגופנטומ אינ סאָציאַליזמ, אונ מיטנ טראָצקיזמ—וועלכער איז איצט געוואָרנ דער פאָרויסגייענדיקער אָטריאד פונ דער צווישנפעלקערלעכער קאָנטער־רעוואָליוציע,—וועלכער האָט קאפיטוליאנטיש אָפגעלייקנט די מעגלעכקײַט אויסצובויענ דעמ סאָציאַליזמ אינ איינ לאנד. כ׳ סטאלינ האָט ווײַטער אנטוויקלט אונ קאָנקרעטיזירט די לערע וועגנ דער בורזשואזער אונ סאָוועטישער דעמאָקראטיע, וועגנ די דרײַ זײַטנ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, וועגנ באגרענעצנ אונ נאָכדעמ וועגנ ליקווידירנ דאָס באלעגופנטומ אלס קלאס אפ דער באזע פונ דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע, וועגנ דער ראָלע פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור אונ דער פארטיי אינ פעריאָד פונ אויסבויענ די אָנקלאסאָווע געזעלשאפט. כ׳ סטאלינ האָט פאנאנדערגעארבעט (אינ זײַנע „זעקס אָנווײַזונגענ", אינ דער רעדע „וועגנ דער ארבעט אינ דאָרפ", אינ דער רעדע אפנ צוזאמענפאָר פונ די קאָלווירטניקעס־שלאָגלער) די פראגע וועגנ אָרגאניזירנ די פראָדוקציע אונ פאנאנדערטיילנ זי, וואָס איז א ווײַטערדיקע אנטוויקלונג אונ קאָנקרעטיזאציע פונ דער מארקסיסטיש־לענינישער לערע וועגנ דער ערשטער פאזע פונ קאָמוניזמ.

די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט—איז יענער פרוּוו־שטיינ, אפ וועלכנ מע קענ אונ מע דארפ אויספרוּוונ די *ווירקלעכע* אָנערקענונג פונ מארקסיזמ. וויאַזוי־זשע באציט זיכ די אַלוועלטלעכע סאָציאַל־דעמאָקראטיע צומ דאָזיקנ „איקער" אינ מארקסיזמ־לענינימ? דער אַלוועלטלעכער סאָציאַל־פאשיזמ שטייט אפנ שטאנדפונקט פונ דירעקטנ אָנערקענענ אונ פארטיידיקנ די דיקטאטור פונ דער בורזשואזיע, אפנ שטאנדפונקט פונ דירעקטנ אָפלייקענענ די פראָלעטארישע דיקטאטור אונ אינ קאמפ קעגנ איר. „די הײַנטצײַטיקע דעמאָקראטישע מעלוכע אונטערשיידט זיכ פונ די פריערדיקע מעלוכע־פאָרמענ דערמיט, שרײַבט קאוטסקי, *וואָס דאָס אויסנוצנ דעמ מעלוכישנ אפאראט פאר די צילנ פונ די עקספלואטירנדיקע קלאסנ געהערט ניט צו זײַנ טאָכ אונ איז ניט פארבונדנ מיט אימ אומאָפרײַסבאר*. פארקערט, די דעמאָקראטישע מעלוכע איז לויט אירע פאָטענצנ געווענדעט ניט צו זײַנ אנ אָרגאנ פונ דער מינדערהײַט, ווי עס זײַנענ געווענ אלע פאָריקע מעלוכעס, *נאָר אנ אָרגאנ פונ דער מערהײַט* פונ דער באפעלקערונג, הייסט עס, פונ די ארבעטנדיקע קלאסנ. אויב אָבער זי ווערט אנ אָרגאנ פונ דער עקספלואטירנדיקער מינדערהײַט, דערקלערט זיכ דאָס *ניט מיטנ כאראקטער פונ דער מעלוכע, נאָר מיט די אייגנשאפטנ פונ די ארבעטנדיקע קלאסנ*, מיט זייער צעשפליטערטקײַט, אמעראצעס, ניט זעלבסטשטענדיקײַט אָדער ניט פייִקײַט צומ קאמפ".

עדוארד בערנשטיינ רופט זיכ אזוי אָפ וועגנ פארלאמענטאריזמ: „פונ א מאכט־אָרגאנ פונ די רײַכע... ווערט דער פארלאמענט אנ *אָרגאנ*, ווי ס׳ווערנ *אָנגעטרויס*

די גרויסע אינטערעסן פון די שעפערישע מאסן פון דער נאציע, פון א קלוב פון שיינריידער, ווערט ער פארוואנדלט אין אן ארבעטנדיקן אָרגאניזם...

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זאָגט זיך דעריבער אָפּ פון פאַרביַיטן די דעמאָקראַטישע פאָלק־פאָרשטייערשאפט מיט דער דיקטאטור פון די סאָוועטן". „מיר האָבן אלע גרונטן, זאָגט נאָך בערנשטיינען קאוטסקי, אָפּצוזאָגן זיך איצט פון באנוצן דעם לאָזונג „פראָלעטארישע דיקטאטור", אָנשטאָט דעם בירגערקריג איז נייטיק א פרידלעכע פאָרם „פון א פראָלעטארישער רעוואָליוציע, אָן בלוטפארגיסונג, אָן גוואלטאט". „פרידן און רויִקייט, ברילט קאוטסקי אין שרעק פאר דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע,—אָט זיַינען די פאָרלויפיקע באדינגונגען פון פארווירקלעכן דעם סאָציאַליזם". „מיר דארפן זיַין רויִק ניט נאָר אין באצוג צו דער אלוועלטלעכער, נאָר אויך צו דער סאָציאַלער פאָליטיק. די זיגרייַכע אנטאנטע וויל קיין זאך ניט, אויסער אָרדענונג, קעדיי צו האָבן א מעגלעכקייט ווידער בויען דאָס, וואָס די מילכאָמע האָט צעשטערט" (הײלמאן).

דירעקטע הילף פון דער אלוועלטלעכער סאָציאַל־דעמאָקראטיע די פאשיסטישע רעגירונגען אין צעגראָמירן די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג, אָרגאנישע ארבעט אין דער אימפעריאַליסטישער פעלקער־ליגע, ארבעט אפ צוגרייטן א אינטערווענץ קעגן פ.ס.ס.ר. זייער גרויזאמע סינע צום לאנד פון די סאָוועטן א. ד. גל.—אזא איז דער העסלעכער פאָרטרעט פון די רויִקע לאקייען פון אלוועלטלעכן אימפעריאַליזם.

* * *

דעם 50־טן יאָרטאָג נאָך קארל מארקס טויט פירן מיר דורך אין באדינגונגען פון זיגרייַכן פארענדיקן דעם פינפיאָר אין פיר יאָר און דעם ערשטן יאָר פון צווייטן פינפיאָר. אונטער דער אָנפירונג פון לענינישן צ.ק. אין דער שפיץ מיטן כ' סטאלין—דעם פירער פון אלוועלטלעכן פראָלעטאריאט — האָט זיך דער פסס״ר ארויסגערוקט אין די ערשטע רייען פון די מער אנטוויקלטע לענדער אין טעכניש־עקאָנאָמישער הינזיכט.

עס איז געלייזט די היסטאָרישע אויפגאבע פון אריבערפירן די קליינע אינדיווידועלע צעשפליטערטע פויערישעווירטשאפט אפ די רעלסן פון דער סאָציאַליסטישער גרויסער ווירטשאפט און פארוואנדלען דעם פ.ס.ס.ר. פון א קליין־פויעריש לאנד אין א לאנד פון דער סאמע גרעסטער ערדארבעט. אפ דער באזע פון דער דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע איז צעקלאפט דאָס באלעגופנטום. די פראגע „ווער וועמען" איז געלייזט צו גונסטן דעם סאָציאַליזם. לעסאָף האָבן מיר פארענדיקט „אינעם קיפצסטן טערמין מיט דער שוואכקייַט פון לאנד אין געביט פון שוץ" (סטאלין) און האָבן פארבעסערט די מאטעריעלע לאגע פון די ארבעטער און פויערים.

דאָס אלץ באווייַזט אומבאשטרייַטבאר דעם פאָרצוג פון דער סאָוועטישער סיסטעם איבער דער קאפיטאליסטישער. „אינעם צושטאנד פונעם פאנאנדערפאלן פון דער עקאָנאָמיק פון די קאפיטאליסטישע לענדער, באם ניט געזעענעם ווּקס פון דער ארבעטלאָזיקייַט, אָרעמקייַט און הונגער אין דידאָזיקע לענדער, איז דאָס אויספילן דעם פינפיאָר אין פ.ס.ס.ר. ניט אין פינף, נאָר אין פיר יאָר (ריכטיקער, אין 4 יאָר מיט 3 כאדאָשים) אן אויסערגעוויינלעכער פאקט אין דער הייַנטצייַטיקער געשיכטע" (פון דער רעזאָליוציע פון יאנוואר־פלענום).

„די סאכאקלען פונעם פינפיאָר האָבן צונישט געמאכט די באהויפטונג פון די בורזשואזע עקאָנאָמיסטן וועגן דעם, אז די קאפיטאליסטישע ווירטשאפט־סיסטעם איז די בעסטע

סיסטעמ, אז יעדע אנדערע ווירטשאפט־סיסטעמ איז ניט שטאנדהאפטיק אונ איז ניט פייִק אויסצוהאלטנ דעמ עקזאמענ פאר די שוועריקייטנ פונ דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג. די סאכאקלענ פונעמ פינפיאָר האָבנ באוויזנ, אז די קאפיטאליסטישע ווירטשאפט־סיסטעמ איז ביט פעסט אונ ניט שטאנדהאפטיק, אז זי לעבט שוינ אָפּ איר צײַט אונ דארפ אָפּטרעטנ איר אָרט א צווייטער, א העכערער, סאָוועטישער, סאָציאַליסטישער ווירטשאפט־סיסטעמ, אז די איינציקע ווירטשאפט־סיסטעמ, וועלכע האָט ניט קיינ מוירע פאר קיינ קריזיסנ אונ איז פייִק בײַצוקומענ די שוועריקײַטנ, וועלכע זײַנענ ניט לייזבאר פארנ קאפיטאליזמ,— איז די סאָוועטישע ווירטשאפט־סיסטעמ" (סטאלינ).

דער כ׳ סטאלינ האָט אפנ יאנווואר־פלענומ ארויסגערוקט פאר אונדז א גאנצע ריי נײַע אופגאבעס, וואָס זייער רעאליזאציע וועט האָבנ אנ אלוועלטלעכע היסטאָרישע באדײַטונג: די נויטווענדיקײַט צו באהערשנ די נײַע טעכניק, די נויטווענדיקײַט צו פארבעסערנ די פּארטייִשע אונ סאָוועטישע אָנפירונג מיט די קאָלווירטנ, די נויטווענדיקײַט פונ פּאָליטיש־פארפעסטיקנ די מ.ט.ס. אונ סאָווירטנ, דאָס פארוואנדלענ די קאָלווירטניקעס אינ פארלויפ פונ די נאָענטסטע 2—3 יאָר אינ פארמעגלעכע, די נויטווענדיקײַט פונ א באזונדער באָלשעוויסטישער וואכזאמקײַט אינ די באדינגונגענ פונעמ הארבנ קלאסנקאמפ, די נויטווענדיקײַט צו פארפעסטיקנ אלע רונגענ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אונ די שלאכט־פייִקײַט פונ אונדזער פארטיי.

די צעקלאפּטע (כאָטש נאָכ ניט דערשלאָגענע) רעשטלעכ פונ די אָפּשטארבנדיקע קלאסנ זײַנענ אריבער פונ דירעקטע אטאקעס קעגנ דער סאָוועטנמאכט צומ מעטאָד פונ שעדיקנ „מיט שטילער סאפּע". באהאלטנדיק זיכ אינ אונדזערע אנשטאלטנ אונ אונטערנעמונגענ, פארנעמענ זיי זיכ מיט אלערליי שמוציקע ארבעטנ אונ שעריקערײַ, אונ דערהויפּט אָרגאַנירנ זיי דאָס צערײבעווענ אונ צעגאנווענענ דאָס געזעלשאפטלעכע אייגנטומ—דעמ דאָזיקנ גרונט פונ אונדזער מעלוכע־אָרדענונג.

דאָסזעלבע בילד פונעמ פארשארפטנ קלאסנקאמפ האָבנ מיר אויכ בא אונדז אינ ו.ס.ס.ר. עס איז גענוג צו דערמאָנענ וועגנ די רעצידיוונ פונ דער „פרישטשעפּאָווטשינע" אינ דער טעטיקײַט פונ די אנטיסאָוועטישע עלעמענטנ, וועלכע האָבנ זיכ אויסבאהאלטנ אינ די אנשטאלטנ פונ פאָלקאָמערד, וועגנ דעמ ווידערשטאנד פונ די באלעגופישע עלעמענטנ, וועלכע האָבנ זיכ צוגערוקט מיט א פאלש־נאציאָנאלער פאָנ אינדערצײַט פונ די פארגרייטונגענ.

דידאָזיקע אקטיוויזאציע פונ די קלאסנ־פײַנטלעכע עלעמענטנ האָבנ מיר אפנ פראָנט פונ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג אונ אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט. די ארויסטרעטונגענ פונעמ ניט אנטוואָפּנטנ טראָצקיסט ריוולינ, וועלכער האָט אָפּגעלייקנט די צווישנפעלקערלעכע באדײַטונג פונ לענינס קאמפ אונ פונעמ לעניניזמ קעגנ דעמ אלוועלטלעכנ אָפּאָרטוניזמ, די רעכט־אָפּנייגלערישע, נאצדעמישע אונ טראָצקיסטישע אײַנשטעלונגענ אינ די ארטיקלענ פונ געסענ, קערנאושיצקי אונ קארניִענקאָ, די אידעאליזאציע פונ „בונד" אונ די פּאָליטישע רעאביליטאציע פונעמ באוווסטנ מענשעוויק—שעדיקער א. מ. גינזבורג אלס „פּיִאָנער פונ דער ארבעטער־באוועגונג" בא טשערניאווסקענ, די ארויסטרעטונגענ פונ די „רעוואנשיסטישע" נאצדעמישע עלעמענטנ, וועלכע האָבנ זיכ צוגערוקט מיט דער פאלש־נאציאָנאלער פאָנ אפנ פראָנט פונ דער ווײַסרוסישער ליטעראטור (די ארטיקלענ אונ שאפונגענ פונ סידאָרענקאָ, ניקאנאָוויטש, בארשנאָוויכ),—דאָס אלצ זאָגט אײדעס וועגנ דעמ, אז אפנ

פראָנט פון דער נאַצ. קולטורעלער בויונג און אידעאָלאָגישן באַצירק האָבן מיר אַ ריי קאָלאָסאַלע דורכרײַסן.

דידאָזיקע דורכרײַסן זײַנען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס סײַ מיצאַד די פּאַרטײַישע און סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס, סײַ מיצאַד באַזונדערע קאָמוניסטן איז נאָך ניטאָ די נייטיקע רעוואָליוציאָנערע וואַכזאַמקײַט, עס איז נאָך ניטאָ דער נייטיקער קאַמף אַף אָפּרייניקן אונדזערע אַנשטאַלטן פון די קלאַסן־פײַנטלעכע און פּאָליטיש ניט דורכגעקאָנטראָלירטע עלעמענטן, עס איז נאָך ניטאָ די קענטעניש אָנצוטאַפּן די נײַע טאַקטיק און די נײַע מאַנעוורעס פונעם קלאַסן־סוינע, וועלכער איז איבערגעגאַנגען פון דירעקטע אַטאַקעס צום מעטאָד פון שעדיקן „מיט שטילער סאַפּע" און צודעקנדיק זיך מיט דער פאַלש־נאַציאָנאַלער פאָן.

אין קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּאָרטוניזם, ווי די הויפּטגעפאַר אַפן געגעבענעם עטאַפּ, קעגן קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן טראָצקיזם, קעגן די „לינקע" פאַרבייגען, אין קאַמף קעגן גרויסהערשערישן שאָוויניזם ווי די הויפּטגעפאַר, באַם גלײַכצײַטיקן פאַרשטאַרקטן קאַמף קעגן קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן נאַצדעמאָקראַטיזם און שאָוויניזם פון אַלערליי שאַטירונגען, אין קאַמף קעגן אַלע יענע עלעמענטן, וועלכע דעקן צו זייער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טעטיקײַט מיט דער פאַלש־נאַציאָנאַלער פאָן, אין קאַמף קעגן מעכאַניסטישן דורכפירן די ווײַסרוסיזאַציע,—וועלן מיר אונטער דער אָנפירונג פון לעניניסטישן צ.ק. און אונדזער פירער כ' סטאַלין גיין צו נײַע זיגן פון אַלוועלטלעכער היסטאָרישער באַדײַטונג און מיר וועלן אויסבויען די אָנקלאַסאָווע געזעלשאַפט.

אונדזערע זיגן וועלן נאָכמער רעוואָליוציאָניזירן די אונטערדריקטע קלאַסן און פאַרקנעכטעטע פעלקער פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אונדזערע זיגן וועלן העלפן אונדזערע ברידערלעכע סעקציעס פון קאָמינטערן באַהערשן די מערהײַט פון אַרבעטער־קלאַס און אײַנשטעלן די דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט.

אַלע אונדזערע פראָגנאָזן וועגן דעם וועלט־קריזיס האָבן זיך פולקום באַשטעטיקט. דער וועלט־קריזיס ווערט אַלץ ברייטער און טיפער. די פעסטע וועלט־וואַליוטע—דער דאָלאַר—האָט געפּלאַצט. עס וואַקסט אָן אופהער די אַרבעטלאָזיקײַט. די פאַשיסטישע רעאַקציע באַהערשט אַלץ נײַע לענדער. אין דײַטשלאַנד ווילדעווען היטלערס באַנדיטן. דערשטיקן מיט בלוטיקן טעראָר, מיט גאָרגולאָווישע פּאָלסיפיקאַציעס און ייִדישע פּאָגראָמען יעדן פּרוּוו פון ווידערשטאַנד מיצאַד דעם אַרבעטער־קלאַס. עס גרייט זיך אַ נײַע אינטערווענץ קעגן פ.ס.ס.ר. מיטן ציל צו פאַרכאַפּן די סאָוועטישע אוקראַיִנע.

אָבער אין דערזעלבער צײַט וואַקסט די אָרגאַניזירטקײַט און אַנטשלאָסנקײַט פון דעם אַלוועלטלעכן פראָלעטאַריאַט, ס'ווערט גרעסער און באַדײַטנדיקער די ראָלע פון אונדזערע ברידערלעכע קאָמפּאַרטייען אין זייער אײַנפלוס אַף די ברייטע מאַסן פון די אַרבעטנדיקע די קאַפּיטאַליסטישע וועלט דערנענטערט זיך צו אַנטשיידנדע שלאַכטן, וואָס וועלן ברענגען דעם זיג דעם פראָלעטאַריאַט.

„זאָלן די הערשנדיקע קלאַסן ציטערן פאַר דער קאָמוניסטישער רעוואָליוציע. די פּראָלעטאַריער קענען אין איר פאַרלירן נאָר זייערע קייטן, באַקומען וועלן זיי אָבער די גאַנצע וועלט.

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!"[1].

[1]) Маркс и Энгелс. Ком. манифест.

... די מענטשהײַט איז אַפּ אַ קאָפּ נידעריקער געוואָרן און דאַפּקע אַפּ דעם באַדײַטנסטן קאָפּ, וואָס זי האָט פאַרמאָגט אַצינד.

(פ. ענגעלס).

י. בראָנשטיין

# מאַרקס און ליטעראַטור-קענטעניש [1]

## I

אין אַן אַרטיקל, וואָס איז געווידמעט דעם פערטן יאָרטאָג נאָך פּלעכאַנאָווס טויט און וואָס הייסט—„וועגן ג. וו. פּלעכאַנאָווס באַציִונג צו קונסט, לויט פּערזענלעכע דערינערונגען", האָט אַקסעלראָד-אָרטאָדאָקס געשריבן:

„דאָס מאַטעריִאַליסטישע פאַרשטיין די געשיכטע, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו געבן אַ שטרענג-וויסנשאַפטלעכע דערקלערונג דעם גאַנצן היסטאָרישן אינהאַלט, האָט געדאַרפט, נאַטירלעך, שענקען אויפמערקזאַמקײַט אויך דער קונסט.

אָבער די גרונטלייגער פונעם מאַטעריִאַליסטישן פאַרשטיין די געשיכטע, מאַרקס און ענגעלס, זײַנען געווען ניט נאָר קאַבינעטן-דענקער, נאָר אויך קעמפער אַפן שלאַכט-פעלד פון לעבן. די טעאָרעטישע פראַגעס, וואָס זײַנען דירעקט פאַרבונדן מיט די אינטערעסן פון דער פּראַקטישער באַוועגונג פונעם פּראָלעטאַריאַט, זײַנען געשטאַנען אַפן ערשטן פּלאַן. די פראַגעס פון קונסט זײַנען דערי־בער אָפּגערוקט געוואָרן אַפן הינטערשטן פּלאַן.

אין דעם געפונענעם פאָרוואָרט פון מאַרקס ווערק „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע" געפינען מיר דרײַ זײַטלעך געווידמעט דער קונסט. נאָר, צום באַדויערן, רײַסט זיך איבער דער מאַנוסקריפּט.

ווי שטענדיק בײַ מאַרקסן איז דער אינהאַלט פון די דאָזיקע זײַטלעך אינטערע־סאַנט מיטן טיפן צוגאַנג צו דער פּראָבלעם, אָבער דאָס איז פאַרבײַגייענדיק...

... ענגעלס האָט אונדז באַרניט אין רעגלאָזן אינעם דאָזיקן געביט. אַן ערנסטע אויפמערקזאַמקײַט האָט אַפּ פּראָבלעמען פון קונסט געווענדעט ג. וו. פּלעכאַנאָוו" [2].

איך האָב געבראַכט אָט די לענגערע ציטאַטע פון אַקסעלראָדס אַן אַלטן פאַרגעסענעם אַרטיקל, קעדיי צוציִען די אויפמערקזאַמקײַט פונעם לייענער אַפּ אַן אויסערגעוויינלעכ־בוילעטן מוסטער פון ניט דערשאַצן די עסטעטישע ירושע פון מאַרקס און ענגעלס צוגלײַך מיטן צופיל אַרויסשטעלן פּלעכאַנאָווס ראָלע אַלס „גרונטלייגער פון דער מאַרק־סיסטישער עסטעטיק".

גיט נאָר אַ טראַכט: מאַרקס ראָלע פאַר דער וויסנשאַפטלעכער עסטעטיק און ליטע־ראַטור-קענטעניש ווערט באַגרענעצט מיט... דרײַ זײַטלעך-שטיקלעך פונעם פאָרוואָרט „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע"!

---

[1]) אויסצוג פון אַ גרעסערער אַרבעט.

[2]) Под Знаменем Марксизма № 5—6 1922.

צוליב יױשער װעגנ האלט איכ פאר נײטיק אָפצומערקנ:

מע קענ ניט זאָגנ, אז אקסעלראָד־אָרטאָדאָקס פארשװײַגט אינגאנצנ מארקסנ. פארבײַגײענדיק װארפט זי אפילע א שטיקל קאָמפלימענט אפנ אדרעס פונ דידאָזיקע דרײַ זײַטלעכ בא מארקסנ: בעכײַנ—„א טיפער־צוגאנג" א. א. װ.

דערפאר אָבער—רעכנט זי זיכ שוינ אָפ מאמעש אומבעראכמאָנעסדיק מיט ענגעלסנ: „ענגעלס האָט אונדז גאָרניט איבערגעלאָזנ אינעם דאָזיקנ געביט" ד. ה. אינ געביט פונ דער װיסנשאפטלעכער עסטעטיק אונ ליטעראטור־קענטעניש, מעלדעט קאטעגאָריש אקסעלראָד־אָרטאָדאָקס.

אויב מע זאָל אינ צוזאמענהאנג מיט דעם זיכ דערמאָנענ אָנ דעם לאָזונג „פאר פלעכאנאָװישע אָרטאָדאָקסיע" אונ אָנ די רעכילעס װעגנ דעם, אז בא לענינענ זײַנענ פאראנ בלויז נישטיקע, „קארגע ארויסזאָגונגענ" איבער פראגנ פונ קונסט אונ קולטור, א רעכילעס, װאָס איז געלאָזנ געװאָרנ איבער אונדזער ליטעראטור־פראָנט דורכ די מענשעװיקעס־פערעװערזעװצעס, דורכ די טראָצקיסטנ אונ די מענשעװיזירנדיקע אידעאליסטנ,—װעט דאָס בילד פונעם אָנגריפ־מארש קעגנ מארקסיזם־לעניניזם אינ ליטעראטור־קענטעניש װערנ קלאָר.

אינעם דאָזיקנ מארש האָט זיכ אײַנגעשלאָסנ די גאנצע בורזשואזע, אזויגערופענע ליטעראטור־װיסנשאפט אונ עסטעטיק, אָנהײבנדיק פונ אָפענע רעאקציאָנערנ־אידעאליסטנ ביז אלערלײ צופאסלער, איבערגעטאָנענע פאר מארקסיסטנ, סאָציאָלאָגנ, פערעװערזעװצעס, טראָצקיסטנ, נאצדעמאָקראטנ, דעבאָרינצעס א. אנד., װאָס װערנ אָנ דעם מאנעװער פונ „שטילער סאפע" אפנ ליטעראטור־פראָנט, אונ גראָבנ אונטער אינדערשטיל די יעסוידעס פונ דער מארקסיסטיש־לענינישער ליטעראטור־קענטעניש.

אָט טאקע צו דערדאָזיקער פראקציע פונ דער בורזשואזער ליטעראטור־קענטעניש—דער פראקציע פונ „שטילע", „זיסינקע", אָנ א טעאָרעטישנ „אָברעזי" אינ די הענט, אָנ גרויסע ציינ פונ אָפענעם נאציאָנאליזם אונ אידעאליזם, דארפנ מיר, נאָכפאָלגנדיק די אָנװײַזונגענ פונ דער פארטײ אונ כ' סטאלינ, צושמידנ אונדזער פארטײַישע װאכזאמקײַט אפנ געגעבענעם עטאפ פונ פארשארפטנ קלאסנקאמפ, אינ די געגעבענע באדינגונגענ פונ דער נײַער טאקטיק פונ קלאסנ־פײַנט.

לענינ האָט אונדז ניט אײנמאָל געװאָרנט פונ אזעלכע פײַנט פונ לעניניזם־מארקסיזם „איבערגעטאָנענע פאר מארקסיסטנ!"

די דיאלעקטיק פונ דער געשיכטע—האָט לענינ געשריבנ—איז אזא, אז „דער טעאָרעטישער זיג פונ מארקסיזם צװינגט זײַנע פײַנט זיכ איבערטאָנ פאר מארקסיסטנ"[1].

צי איז ניט די „פלעכאנאָװישע אָרטאָדאָקסיע" א בולעטער בײַשפיל פונ אנ ענלעכנ איבערטאָנ זיכ?

— די פלעכאנאָװקע, אקסעלראָד־אָרטאָדאָקס האָט דאָכ אויסגעצײכנט געװוסט — זי האָט ניט געקענט ניט װיסנ, אז סײַ מארקס, סײַ ענגעלס האָבנ זיכ ניט אײנמאָל ארויסגעזאָגט איבער פראגעס פונ ליטעראטור אונ קונסט; אז זײ בײדע האָבנ זיכ יאָרנלאנג געפונענ אינ א נאָענטנ פארקער מיט הײנענ, מיט פרײליגראטנ; אז מארקס האָט זיכ געקליבנ אָנשרײַבנ אנ ארבעט װעגנ הײנענ, באלזאקנ אונ געארבעט איבער א װערק װעגנ „קריסטלעכער קונסט", אז בא ענגעלסנ זײַנענ פאראנ פיל ארטיקלענ אונ בריװ געװידמעט קאָנקרעטע פראגעס פונ קונסט אונ ליטעראטור, אונ ענדלעכ, אז קימאט יעדע זײַטל פונ די ארבעטנ פונ די אוו־

[1] לענינ. ב. XII, טײל II, ז. 44 (אלטע אויסגאבע)

טערנ פונ „קאפיטאל־ אונ „אנטי־דיורינג״ זאָגנ איידעס וועגנ דעמ, אז די קלאַסיקער פונ מארקסיזמ האָבנ אויסגעצייכנט געקענט די וועלט־ליטעראטור, אז זיי האָבנ קעסיידער געשעפט פונ דאָרטנ זייערע געשטאלטנ, מעטאפאָרנ אונ יענע רײַכע מוסטערדיקע שארפגעשליפענע שפראכ פונ א רעוואָליוציאָנער־וויסנשאפטלער, וועלכע האָט ניט צו זיכ קיינ גלײַכנ אינ דער ליטעראטור!

אקסעלראָד־אָרטאָדאָקס האָט ניט געקענט ניט וויסנ, אז לעמאָשל, אינ דער קאָרעספאָנדענצ פונ מארקסנ מיט פרײליגראטנ ליגט א קאָלאָסאלער מאטעריאל אפ דערלערנענ א רייִ פראָבלעמעס פונ אונדזער ליטעראטור־פאָליטיק.

זי האָט עס ניט געקענט ניט וויסנ, פונקט אזוי, ווי דאָס האָט געוווסט קאוטסקי, וועלכער האָט דאָכ געמאָלדנ, אז מארקס אונ ענגעלסעס קאָרעספאָנדענצ „אנטהאלט אינ זיכ אפ צוויי דריטל אנ אומעטיקנ מאטעריאל, אָדער גאָר קליינלעכע נארישקײַטנ״ [1]).

לענינ, ווי באקאַנט, האָט זייער הויכ געשאצט אָט דידאָזיקע קאָרעספאָנדענצ פונ מארקס אונ ענגעלס.

„דער רײַכסטער טעאָרעטישער אינהאלט פונ מארקסיזמ וויקלט זיכ פאנאנדער אינ דער העכסטער שטופע אָנשוילעכ״, האָט לענינ געשריבנ וועגנ אָט דער קאָרעספאָנדענצ פונ מארקס אונ ענגעלס [2]).

אלזאָ, ניט קיינ „קליינלעכע נארישקײַטנ״, ניט קיינ „דרײַ זײַטלעכ״, נאָר דער „רײַכסטער טעאָרעטישער אינהאלט פונ מארקסיזמ״—אָט וועגנ וואָס מע דארפ ריידנ, ווענ עס גייט די רייד וועגנ דער עסטעטישער ירושע פונ מארקסנ.

ווײַל איינגאנצנ ניט צופעליק האָט ענגעלס אונטערגעשטראָכנ אינ זײַנ וואָרט אפ מארקס קייווער, אז „אינ יעדנ געביט, אפ וועלכנ מארקס האָט געארבעט—אונ אזעלכע זײַנע געווענ זייער אסאכ, אונ קיינ איינעמ פונ זיי האָט ער ניט אָנגערירט בלויז פארנבײַגייענדיק—אינ יעדנ געביט, אפילע אינ מאטעמאטיק, האָט ער געמאכט א זעלבשטענדיקע אנטדעקונג״ [3])

דער געני — מארקס האָט ניט געקענט פארבײַגיינ יענעמ געביט — דעמ געביט פונ קונסט, מיט וועלכנ ער איז געווענ פארכאפט אינ זײַנ יוגנט (מארקס, האָט, ווי באוווּסט געשריבנ אינ זײַנע יונגע יאָרנ), מיט וועלכנ ער האָט זיכ ניט איינמאָל צונויפגעשטויס אינ זײַנע רײַפע יאָרנ, א געביט, וואָס ער האָט געשעצט אונ אויסגעצייכנט געקענט.

אָבער ווו איז דערדאָזיקער צוגעזאָגטער „רײַכסטער טעאָרעטישער אינהאלט פונ מארקסיזמ״ אינ געביט פונ עסטעטיק אונ ליטעראטור־קענטעניש? ווו איז דאָ מארקס „זעלבסטשטענדיקע אנטדעקונג״, קענ שטעלנ א גיפטיקע קאשע עמיצער פונ די העלדנ פונ „שטילער סאפע״.

דאָ קענ איכ ניט ניט דערמאָנענ דאָס טרעפלעכע בילד, וואָס לענינ האָט אָפגעמאָלט פונעמ סוביעקטיווּנ סאָציאָלאָג מיכײַלאָווסקי, וועלכער ווי באוווּסט, האָט אויכ געזוענ בא מארקסנ בלויז „קליינלעכע נארישקײַטנ״ אונ „דרײַ זײַטלעכ״.

---

[1]) מארקס אונ ענגעלס 24, ז, IX.

[2]) לענינ, ב. 17, ז. 29.

[3]) ציטירט לויטנ זשורנאל „פאָד זנאמענעמ מארקסיזמא״, נומ. 2־3, 1923 י.

לעניג האָט געשריבנ:

„און אָט זיצט ער (ד. ה. מיכײַלאָווסקי—י. ב.) און טוט טאָנ טראכטנ איבער דער טיפזיניקער פראגע — אינ וועלכנ ווערק האָט מארקס פאנאנדערגעוויקלט זײַנ מאטעריאַליסטישנ פארשטײַנ די געשיכטע. יעדערער, וואָס איז באקאַנט מיט מארקסנ וואָלט אים (מיכײַלאָווסקענ—י. ב.) געענטפערט אפ דעם מיט אנ אנדער פראגע: אינ וועלכנ ווערק האָט מארקס ניט פאנאנדערגעוויקלט זײַנ מאטעריאַליסטישנ פארשטײַנ די געשיכטע?" [1]

ווײ, ווײ! וויפל זײַנענ עס פאר אונדזערע אויגנ פארבײַ אזעלכע נעבעכדיקע און לעכערלעכע „זוכער פונ מארקסיזמ" אפנ ליטעראטור־פראָנט!

אָט זיי אלעמענ, וואָס האָבנ בעשום אויפנ ניט געקענט געפינענ בא מארקסנ קיינ עסטעטישע קאָנצעפציע, וועט אויסקומענ ענטפערנ מיט לענינס פריערגעבראכטע ווערטער: „אינ וועלכנ ווערק האָט מארקס ניט פאנאנדערגעוויקלט זײַנ מאטעריאַליסטישנ פארשטײַנ די געשיכטע" און בעמײַלע אויכ די געשיכטע פונ קונסט?

פאר יעדנ דענקענדיקנ מענטשנ, וועלכער איז ווירקלעכ פײַיק צו „טונ טאָנ טראכטנ" איז דאָכ קלאָר, אז די ראָלע פונ די קלאסיקער פונ מארקסיזמ—מארקס, ענגעלס, לענינ סטאלינ—שעפט זיכ ניט אויס פאר דער ליטעראטור־קענטעניש און ווימנשאפטלעכער עסטעטיק מיט ארטיקלענ און אויסצוגנ, ווו די קלאסיקער פונ מארקסיזם רירנ אָנ קאָנקרעטע ליטעראריש־עסטעטישע פראָבלעמעס.

וואָס איז ווערט יענער מארקסיסטישער ליטעראטור־קענער, וועלכער האָט זיכ ניט אויסגעלערנט פונ יעדער זײַטל פונ די שאפונגענ פונ די קלאסיקער פונ מארקסיזם צו שעפנ דעם „רײַכסטנ טעאָרעטישנ אינהאלט" פונ דער מארקסיסטיש־לעניניסטישער קונסט־קענטעניש און וויסנשאפטלעכער עסטעטיק?!

און ווילט איר וויסנ ווו עס זײַנענ פארלייגט די יעסוידעס פונ אונדזער מארקסיסטיש־לעניניסטישער עסטעטיק,—לייענט און פארטראכט זיכ איבער פאָלגנדיקע אומשטערבלעכע שורעס:

„אינעמ געזעלשאפטלעכנ פראָדוצירנ זייער לעבנ טרעטנ מענטשנ ארײַנ אינ באַשטימטע נויטווענדיקע באציִונגענ, וואָס זײַנענ אומאָפהענגיק פונ זייער ווילנ — אינ פראָדוציר־באציִונגענ, וואָס אנטשפרעכנ א באשטימטער אנטוויקלונג־שטופע פונ זייערע מאטעריִעלע פראָדוציר־קויכעס. דער סכומ פונ דידאָזיקע פראָדוציר־באציִונגענ בילדעט די עקאָנאָמישע סטרוקטור פונ דער געזעלשאפט, דעמ רעאלנ באזיס איבער וועלכנ עס הויבט זיכ אופ דער יורידישער און פאָליטישער איבערבוי, און וועלכנ עס אנטשפרעכנ באשטימטע פאָרמעס פונ געזעלשאפטלעכנ באוווסטזײַנ. דער פראָדוציר־אויפנ פונעמ מאטעריִעלנ לעבנ באדינגט דעמ פראָצעס פונ סאָציאלנ, פאָליטישנ און ביכלאל גײַסטיקנ לעבנ. ניט דער באוווסטזײַנ פונ די מענטשנ באַשטימט זייער זײַנ, נאָר פארקערט, זייער געזעלשאפטלעכער זײַנ באשטימט זייער באוווסטזײַנ" [2].

דידאָזיקע געניאַלע אידייע, וועלכע האָט לויט לענינס ווערטער [3] „די ערשטע אופגעהייבנ די סאָציאָלאָגיע אפ דער שטופע פונ וויסנשאפט" (ווײַל זי האָט אונדז געגעבנ

[1] לענינ, ב. I, ז. 82 (אלטע אויסגאבע).
[2] פאָרוואָרט „צו דער קריטיק פונ דער פאָליטישער עקאָנאָמיק".
[3] לענינ, ב. 1, ז. 79 (אלטע אויסגאבע).

„א פולשטענדיקנ אָביעקטיװנ קריטעריי" — דעמ קריטעריי פונ פראָדוציר־באַציִונגענ) איז נאטירלעכ דער אױסגאנג־פונקט באַמ אױפקשטעלנ די גרונט־פּראָבלעמעס פונ דער ליטעראטור־קענטעניש. נעמט צו בא דער ליטעראטור־קענטעניש דידאָזיקע געניִאלע אידײע, אונ זי װעט זיכ פאנאנדערפאלנ װי א קאָרטנ־שטיבל — זי װעט זיכ פאנאנדערפאלנ װי א קאָרטנ־שטיבל אונ װעט אופהערנ עקזיסטירנ װי א װיסנשאפט.

II

די קלאסיקער פונ מארקסיזמ האָבנ אונדז געלערנט, אז די גרונט־פּרוזשינע פונ געזעלשאפטלעכנ לעבנ — דאָס איז דער קלאסנקאמפ. דאָ ליגט „דער יעסאָד פונ דער גאנצער געזעלשאפטלעכער אנטװיקלונג אונ איר טרײַבקראפט" זאָגט לענינ. דער קלאסנקאמפ פירט אומפארמײַדלעכ צו פראָלעטארישער דיקטאטור, װאָס שטעלט פאָר; מיט זיכ אנ איבערגאנג צו דער אָנקלאסאָװער געזעלשאפט.

קײנ אײנ דערשײַנונג פונ געזעלשאפטלעכנ לעבנ אונ מעמײלע אױכ קײנ אײנ ליטערארישע דערשײַנונג קענ ניט װערנ אנאליזירט אונ אופגעדעקט אױסער די ראמענ פונ קלאסנקאמפ, אױסערנ פּאָליטישנ לעבנ, אױסער פּאָליטיק, אױסער פארטײיִשנ קאמפ.

אָט פארװאָס די גאנצע בורזשואזע ליטעראטור־קענטעניש — די מענשעװיקעס, טראָצקיסטנ, נאצדעמענ אונ פאָרמאליסטנ האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ אינ אָנגריפ קעגנ דער „אויבערהאנט" פונ „פּאָליטישנ פאקטער" אינ קונסט, קעגנ פארטײיִשקײַט פונ ליטעראטור.

איכ װעל דערמאָנענ די טרויעריק־בארימטע פאָרמולירונג פונ פערעװערזעװס מענשעװיסטישער, קלוימערשט אפּאָליטישער טעאָריע פונ „פּאראלעלע רײַענ".

„דערלע־נענדיק די געשטאלטנ־סיסטעמ, קענ דער ליטעראטור־קענער באקומענ איר דערקלערונג נאָר פונ דער געזעצמעסיקײַט פונעמ פּראָדוציר־פּראָצעס..."

... מאָלערײַ — קענ גאָרנישט שאפנ אינ דער געשטאלטנ־סיסטעמ פונ דער ליטעראטור; דאָס פּאָליטישע לעבנ קענ גאָרניט שאפנ אינ דער געשטאלטנ־סיסטעמ פונ דער ליטעראטור. אונ פארקערט: די ליטעראטור קענ גאָרניט שאפנ אינ דער פּאָליטישער סיסטעמ אָדער אינ מאָלערײַ".

צוגלײַכ מיטנ מענשעװיק פערעװערזעװ איז אפ דעמדאָזיקנ געביט אינ דער זאַכ פונ אָפּרײַסנ די ליטעראטור פונ דער פּאָליטיק, געװענ טעטיק דער ליטערארישער טראָצקיזמ (װאָראָנסקי, די גרופּע „פּערעװאל" אונ אנד.).

אינ װאָס באשטײט דער טאָכ פונ דערדאָזיקער טעאָריע?

פארשטײט זיכ, אז די קלוימערשט א פּאָליטישע קאָנצעפּציע פונ אָפּרײַסנ די ליטעראטור פונ דער פּאָליטיק איז א פּאָליטישע, ליטערארישע קאָנצעפּציע — א קאָנצעפּציע פונ קלאסנ־פײַנט, װעלכע גרײַפנ אָנ אפ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אונטער דער מאסקע פונ אנ אפּאָליטישער ליטעראטור־קענטעניש.

מארקס אונ ענגעלס שטרײַכנ עס אונטער ניט אײנמאָל. ענגעלס רעדט אָפנ װעגנ דעמ, אז דאָס פּאָליטישע לעבנ פונעמ לאנד באשטימט מיט זיכ ניט זעלטנ דעמ קינסטלערישנ ניװאָ פונ דער ליטעראטור. די כראָנישע אָרעמקײַט פונעמ פּאָליטישנ לעבנ פונ דײַטשלאנד

טאָרמאָזירט, לויט ענגעלסעס מיינונג, דעמ וווּקס פונ דער קינסטלערישער ליטעראטור אינ דײַטשלאנד.

די פארשארפונג פונ פאָליטישנ לעבנ, דאָס אײַנשליסנ די ליטעראטור אינעמ פאָליטישנ לעבנ, אינעמ קלאסנקאמפ פאטערט ניט דעמ טאלאנט, נאָר פארקערט—עס באפרוכפערט אימ, באריַיכערט אימ.

דעמדאָזיקנ געדאנק וויקלט לענינ פאנאנדער מיט אנ אויסערגעוויינלעכער טיפקײַט אונ קראפט אינ זײַנע ארטיקלענ וועגנ טאָלסטויענ, אָנווײַזנדיק, אז „דער שארפער ברוכ פונ אלע אלטע יעסוידעס פונעמ דאָרפישנ רוסלאנד האָט פארשארפט זײַנ (ד. ה. טאָלסטויס—י.ב.) אופמערקזאמקײַט, האָט פארטיפערט זײַנ אינטערעס צו דעמ, וואָס קומט פאָר ארומ אימ"... [1]

סײַ מארקס אונ סײַ ענגעלס ווײַזנ אָנ ניט איינמאָל אפ דער נעגאטיווער ראָלע, וואָס די פאָליטישע אָרעמקײַט פונ דײַטשלאנד סאָפ 18־טנ יאָרהונדערטס האָט געשפילט אינ די ווערק פונ געטע.

מארקס אונ ענגעלס האָבנ קיינמאָל ניט מויכל געווענ ניט געטענ, ניט וואגנערנ, ניט שילערנ א.א.וו. זייער פאָליטישע אינערטקײַט אונ פיליסטערישקײַט.

אנ אויסערגעוויינלעכ רײַכנ מאטעריאל אפ לייזנ דידאָזיקע טיפ־אקטועלע פראגע — די פראגע וועגנ די צווישנבאציִונגענ צווישנ דער פאָליטיק אונ ליטעראטור — גיט מארקס קאָרעספאָנדענצ מיט פרייליגראטנ—דעמ דײַטשישנ סאָציִאליסטישנ פאָעט.

אינ פארלויפ פונ צוויי צענדליק יאָר האָבנ זיכ מארקס אונ פרייליגראט געפונענ אינ א נאָענטנ פארקער.

די געשיכטע פונ דידאָזיקע צווישנבאציִונגענ האָט פאר אונדז, קאָמוניסטנ ליטעראטור־קענער, א קאָלאָסאלע פראקטישע אונ טעאָרעטישע באדײַטונג—א באדײַטונג פונ א מוסטער פאר אונדזער ליטעראטור־פאָליטיק.

ארומ דידאָזיקע צווישנבאציִונגענ האָט זיכ אָנגעזאמלט ניט ווייניק פארשיידענע מיספארשטייענישנ אונ פאָליטיש־שעדלעכע טראקטירונגענ. ניט קיינ קליינע שולד ליגט דערבײַ אפ פראנצ מערינגס געוויסנ. פארנעמענדיק אפילע לינקע פאָליטישע פאָזיציעס אינ 2־טנ אינטערנאציִאָנאל איז אָבער פראנצ מערינג ניט געווענ אימשטאנד זיכ צו באפרײַענ פונ דער לאסט פונ דער קאנטיאנישער עסטעטיק אונ אידעאליזמ אינ פראגעס פונ ליטעראטור. זײַנ ארבעט וועגנ פרייליגראטנ אונ מארקסנ טראָגט אפ זיכ א בולטנ שטעמפל פונ דער קאנטיאנישער טעאָריע פונ אָנשוילעכקײַט אונ ניטפארינטערעסירטקײַט פונ דער קונסט.

וויִאזוי שילדערט מערינג די צווישבאציִונגענ צווישנ מארקסנ אונ פרייליגראטנ? מערינג שילדערט מארקסנ ווי א מינ „גוטנ פעטער" באמ פאָעטיש־קאפריזפולנ פרייליגראט. לויט מערינגס מיינונג האָט מארקס ארויסגעוויזנ א „לעבעדיקע סימפאטיע אונ א גרויסע נאָכגיביקײַט צו די קליינע שוואכקײַטנ" פונ די פאָעטנ.

„ער האָט געהאלטנ—שרײַבט מערינג וועגנ מארקסנ—אז פאָעטנ זײַנענ עפעס מאָדנע נעפאשעס, וועלכע מע דארפ לאָזנ גיינ מיט זייער וועג אונ וועלכע מע טאָר ניט מעסטנ אפנ ארשינ פונ געוויינלעכע אָדער אפילע אויסערגעוויינלעכע מענטשנ.

---

[1]) לענינ—„טאָלסטוי אונ די היַינטצײַטיקע ארב. באוועגונג".

> זײ האָבנ ליב, אז מע זאָל זײ כאנפענענ, װענ מע װיל פונ זײ לידער; מיט א שאַר־פער קריטיק טאָר מענ צו זײ ניט צוגײנ״ [1].

אָנװארפנדיק אזא מינ גוטמוטיקנ פּאָרטרעט פונ מארקסנ, — דעם ליטעראטור־טוער, איז מערינג דאָכ אלײנ געצװוּנגענ צו אָנערקענענ, אז מארקס האָט „ניט אלעמאָל״ אָפּגעהיט דידאָזיקע אױסערגעװײנלעכע „נאָכגיביקײַט״ אינ באצוג צו פרײליגראטנ. מערינג דערצײלט װעגנ א קאָנפליקט, װעלכער האָט אױסגעבראָכנ אינ צוזאמענהאנג מיט פרײליגראטס פּאָ־ליטישער פּרינציפּלאָזיקײַט אינגדערצײַט פונ די שילער־פײַערונגענ. מערינג פארורטײלט מארקסנ פארנ שארפנ פאנאנדערײַסנ מיט פרײליגראטנ. מארקס האָט, לויט מערינגנ, פאראטנ אינ געגעבענעם פאל, זײַנ אײגענער ליטעראַרישער פּאָליטיק, אינ גרונט פונ װעלכער עס איז געלעגנ דער פּרינציפּ: „ניט צוזאמענמישנ דעם פּאָעט מיטנ קריטיקער״, ד. ה. מוחל זײַנ דעם פּאָעט זײַנע שװאכקײַטנ.

מערינג שטרײַכט אונטער, אז „אינ באצוג צו הײנענ האָט מארקס שטרענגער אײַנגע־היט זײַנ נאָכגיביקײַט״, אײדער אינ באצוג צו פרײליגראטנ. מיט א ניט באהאלטענער סימפּאטיע אפנ אדרעס פונעם „פרײַענ קינסטלער״, ברענגט מערינג פאָלגנדיקע װערטער פונ פרײליגראטנ:

> „מײַנ נאטור, װי די נאטור פונ יעדנ פּאָעט נײטיקט זיכ אינ פרײַהײַט. א פּארטײ איז אויכ א שטײַג אונ אפילע פאר דער פּארטײ זינגט זיכ בעסער אויסער איר, אײדער אינ איר״ [2]

מערינג כאזערט איבער, אינ טאָכ גערעדט, דידאָזיקע ארגומענטאציע פונ „פרײַער אויסערפּארטײַישער שעפערישקײַט״ אינ זײַנ ארטיקל װעגנ הײנענ.

> „ער איז געװענ—שרײַבט מערינג װעגנ הײנענ—א גרויסער קינסטלער, אונ איז טאקע דעריבער ניט געװענ קײנ פּאָליטיקער, װעלכער װאָלט זיכ געקענט שטרענג האלטנ אָנ די פּאראגראפנ פונ דער פּראָגראם, אָדער װעמענ דאָס איז געװענ נײטיק״. [3]

באלד װעל איכ דערװײַזנ, אז זײַנ קאנטיאניש־פּיליסטערישנ פארשטײנ דעם קינסטלער האָט מערינג צוגעשריבנ מארקסנ. נאָר פרײַער האלט איכ פאר נײטיק צו דערמאָנענ, אז ניט אײנער פונ אונדזערע בורזשואזע קריטיקער האָט געפּרוּװט ספּעקולירנ אינ דעם גע־געבענעם פאל מיט מארקס בארימטער „נאָכגיביקײַט״.

פרײדיקנדיק װאָראָנסקעס אינטויִציאָניסטישע טעאָריע װעגנ קינדערשנ כאראקטער פונעם קינסטלער („דער קינסטלער איז נאַיִװ װי א קינד״) פארופט זיכ דער קריטיקער לעזשנעװ דערבײַ אף מארקסנ. לעזשנעװ שרײַבט:

> „אײַער עמעס איז טיפער. װי עס װײַזט אויס עקזיסטירט װירקלעכ עפּעס א באַ־זונדער טיפּ פונ א פּסיכאָלאָגישער אָרגאניזאציע, װאָס איז כאראקטעריסטיש פארנ שרײַבער...
> איכ דערמאָנ זיכ אָנ מארקס באצִיִונג צו פּאָעטנ, װי צו דערװאקסענע קינדער״.

---

[1] Ф. Меринг „Мировая литература и пролетариат“, стр. 155.

[2] דאָרטנ. [3] דאָרטנ.

נאָר צי האָט דען אין דער ווירקלעכקייט עקזיסטירט אזא „גוטער פעטער“, א ליטעראַרישער „מיליץ־יורישער“, ווי מע פרוווט זיך פאָרשטעלן מארקסן? ניין, עס איז קיינמאָל אזא מארקס ניט געווען. מארקס האָט קיינמאָל ניט געקענט באטראכטן די שרייבער ווי אומשולדיקע קינדער, וועלכע עס ווערט ניט פארבאָטן צו טאָן, וואָס זיי ווילן. מארקס האָט גאנץ גוט געוווּסט, אז ליטעראטור איז א געווער אין קלאסנקאמף, אין קאמף פון דער פארטיי. יעדע שורע פון זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט פרייליגראטן איז אָנגעזאפּט מיט קאמף פאר א פאָליטיש־פארשארפטער ליטעראטור. מארקס נוצט אויס יעדע געלעגנהייט, קעדיי צו געבן זיין פאָעטישן פריינט א לעקציע פון פאָליטגראמאָטע.

און ווען פרייליגראט אנטפלעקט זיין קליינבירגערלעכן אינדיווידואַליזם, באקומט ער א שארפן ווידערשטאנד סיי מיצאד מארקסן, סיי מיצאד ענגעלסן.

דעם 10־טן דעקאבער 1858 י. שרייבט מארקס ענגעלסן:

„פרייליגראט, וועלכער האָט ניט געקענט געפינען אין זיין לירע קיין איין טרויעריקן קלאנג בא די „טראגישע“ געשעענישן, זאָל עס זיין אין דער אייגענער פארטיי (דאניעלס טויט) אָדער ביכלאל אף דער וועלט (קיינע, ארסיני א. א. וו.) נעמט זיך פלוצלונג באזינגען דידאָזיקע טרויעריקע געשעעניש“ (ד. ה. דעם טויט פון דער פאָעטעסע יאָהאנע מאָקעל—י. ב.) [1].

אין אַ צווייטן בריוו טרעט מארקס ארויס נאָך שארפער קעגן דער פאָליטישער פרינציפּלאָזיקייט פון פרייליגראטן.

ער שרייבט:

„דער טייוול זאָל נעמען דעמדאָזיקן צעכ פאָעטן! מיטן דערשיינען פון זיין ליד וועגן מאָקעל פארבינדט זיך פרייליגראט מיט אונדז, ווי מיט זיינע פריינט בלויז „זייער געהיים“, אָפן גייט ער אָבער האנט בא האנט מיט אונדזערע פיינט“ [2].

וויאזוי זשע קען מען דאָ ריידן וועגן מארקס „נאָכגיביקייט“?

נאָך שארפער האָט ענגעלס געשטעמפלט די פרייליגראטאָוושטשינע. ער האָט געשריבן:

כ'בין בעפיירעש בייז אף .אָט דער גאנצער פרייליגראטאָוושטשינע. מיט אָט די בעלעטריסטישע כעוורע־לייט איז אלץ דערזעלבער אלטער מיזמער: שטענדיק ווילט זיך זיי מע זאָל זיי אין די צייטונגען רייכערן ווייִרעכ, מע זאָל שטענדיק דערציילן וועגן זיי דעם פובליקום, און דער מינדסטער נעבעכדיקער פערז, וואָס זיי מייסטרעווען אויס, איז בא זיי וויכטיקער פון דער גרעסטער וועלט־געשעעניש“.

(מארקס און ענגעלס ב. XXII ז. 470).

ווי איר זעט, האָט די ליטעראטור־פאָליטיק פון מארקסן און ענגעלסן קיין שום שייכעס ניט מיט פאָליטישער פרינציפּלאָזיקייט און פוילן ליבעראליזם, אויב מע זאָל באנוצן אונדזער איצטיקע טערמינאָלאָגיע.

טאקע די פאָליטישע פארשארפקייט פון היינעס שעפערישן טאלאַנט האָט צוגעצויגן צו זיך מארקס סימפאטיעס.

---

1) Фрейлиграт и Маркс в их переписке, стр. XXIII

2) דאָרטן.

מיט וואָס פאר א סארקאזמ אונ צאָרנ מארקס רעדט עס וועגנ די דײַטשישע באלעבעסלעכ, וועלכע אָנערקענענ ניט הײנע אלס פאָעט, ווײַל בא אימ פעלט „נעשאָמע" אונ צופיל איז ער געווענ „איבערפולט מיט בײזקײַט!" [1].

מארקס האָט ליב געהאט הײנענ פאר זײַנ בײזקײַט, פאר דער פאָליטישער פארשארפטקײַט פונ זײַנע לידער, פאר זײַנ האס צו דער קײזערלעכער דײַטשלאנד.

פונ דער אנדער זײַט, האָט מארקס קײנמאָל ניט געפאָכעט מיט דער האָלאָבליע, איז קײנמאָל ניט ארײַנגעפאלנ אינ וולגאריטעט. די סאָנימ פונ מארקסנ אונ פונ קאָמוניזמ האָבנ אװעקגעלײגט אלע קויכעס, קעדײ אָפצורײַסנ פרײליגראטנ פונ מארקסנ. זײ האָבנ געשריבנ, אז „פרײליגראט האָט פארלאָרנ זײַנ שטימע, זײַנ פרײַהײַט, זײַנ אויסגעהאלטנקײַט" פונ דער צײַט זינט ער איז ארונטערגעפאלנ אונטער מארקס ווירקונג.

דיסקאָנטירנדיק פרײליגראטס ראָלע אינ דער קאָמוניסטישער פרעסע, האָט מארקס אָבער אוועקגעלײגט אלע קויכעס, קעדײ פאָליטיש איבערדערציִענ פרײליגראטנ. מארקס שטרײַכט ווירקלעכ אונטער די נויטווענדיקײַט פונ א פאָרזיכטיקנ צוגאנג צומ פאָעט, די נויטווענדיקײַט פונ דיסקאָנטירנ די ספעציפיק פונ דעמ ליטערארישנ געביט. מארקס הגאנצע קאָרעספאָנדענצ מיט פרײליגראטנ — איז א בוילעטער דאָקומענט פונ א פילבארער, קלוגער, נאָר שטרענג־פרינציפּיעלער, אומבעראכמאָנעסדיקער באציִונג צו ליטעראטור אונ צו ליטעראטנ.

אינעמ דאָזיקנ זינ זעצט פאָר לענינ אינגאנצנ מארקס מײנונג אינ דערדאָזיקער פראגע. עס איז גענוג זיכ צו דערמאָנענ לענינס לאנגיאָריקע פרײַנטשאפט מיט גאָרקינ. די קאָרעספאָנדענצ פונעמ גרעסטנ רעוואָליוציאָנער אונ דענקער מיטנ גרעסטנ פראָלעטארישנ שרײַבער דערמאָנט מארקס קאָרעספאָנדענצ מיט פרײליגראטנ טאקע אינעמ אויבנאָנגעמערקטנ זינ—אינעמ זינ פונ א מוסטער פאר קאָמוניסטישער אָנפירונג מיט ליטעראטור.

זעט, מיט וואָס פאר א פילבארקײַט, דיסקאָנטירנדיק די ספעציפיק פונ דער ליטעראטור, לענינ האָט אָנגעפירט אינ פארלויפ פונ צענדליקער יאָרנ מיט גאָרקיס שעפעריש־פאָליטישער דערציִונג. לענינ הלושעט ניט גאָרקינ מיט קײנ האלאָבליע, ווענ יענער מאכט א טאָעס אינ פאָליטישע אָדער פילאָסאָפישע ארבעטנ. לענינ גיט א מוסטער פונ קאָלאָסאלער פילבארקײַט אינ זײַנע באציִונגענ מיט גאָרקינ. ער פאָלגט נאָכ נאָכ גאָרקיס טאָגטעגלעכנ לעבנ, נאָכ זײַנ ארבעט, נאָכ זײַנ געזונט־צושטאנד.

אינ אײנ בריוו פונ 1913 י. שרײַבט לענינ גאָרקינ:

„אָנ אנ אופזיכט, צי וואָס, האָט איר זיכ צעלאָזנ. בא מײַנ וואָרט, דאָס איז ניט גוט! נעמט זיכ אינ די הענט ארײַנ אונ שטעלט אײַנ־א „פריזשים" (רעזשימ) אביסל א שטרענגערנ, ווירקלעכ!

... איר האָט אָנגעהײבנ ארבעטנ באנאכט... מע דארפ אָפרוענ אונ אומבאדינגט אײַנפירנ א פריזשים" [2].

אָבער צי דענ איז געגאנגענ דידאָזיקע פילבארקײַט אפנ כעושבנ פונ פוילנ ליבעראליזמ אונ קלײנבירגערלעכער נאָכגיביקײַט אינ באצוג צומ „פרײַענ קינסטלער"?

פאר קײנ פאל ניט.

---

[1] מארקס—ענגעלסנ—1856 י.
[2] לענינ ב. XVI ז. 327.

לענין איז קיינמאָל ניט געגאנגען אפ קיין פשאָרע אין פרינציפיעלע פּאָליטישע פראַ־געס. לענין האָט ניט איינמאָל אונטערגעשטראָכן, אז נאָר די קלאָרע, שטאנדהאפטיקע פּאָ־ליטישע ליניע באַפרוכפּערט די קינסטלערישע שעפערישקייט, הייבט אוף דעם קינסטלער. אלס ענטפער אפ גאָרקיס באמערקונג: „די מענטשן פארשטיי איך, אָבער זייערע מעשׂים פארשטיי איך ניט", ד. ה. אלס ענטפער אפ גאָרקיס אָנערקענען זײַן פּאָליטישע קורצזיכ־טיקייט, ענטפערט לענין: „ניט פארשטייענדיק די מעשׂים, קען מען ניט פארשטיין אויך די מענטשן אנדערש ווי... אויסערלעך".

לענין לערנט גאָרקין סיסטעמאטיש און אומופהערלעך, אז מע טאָר זיך ניט באַציִען זאָרגלאָז צו דער אידייִשער ריכטונג פון א זשורנאל.

„א זשורנאל אָן א ריכטונג—שרײַבט לענין—איז א נארישע זאך, אן אומגעלומ־פּערטע, א סקאנדאליעזע און א שעדלעכע" [1]).

אין א צווייטן בריוו [2]) ווײַזט ער אָן גאָרקין: „בעלעטריסטיק זאָלט איר לאָזן נאָר א דעמאָקראטישע, אָן קלאָגערײַ, אָן רענעגאטערישקייט".

און ווען גאָרקי האָט, ארונטערפאלנדיק אונטער דער ווירקונג פון „גאָט־שעפער" אָנגע־שריבן זײַן „ווידע", האָט אים לענין געשריבן:

„ווען מיר האָבן געשמועסט מיט אײַך זומער און איך האָב אײַך דערציילט, אז איך האָב אײַך געוואָלט אָנשרײַבן א פארדראָסלעכן בריוו וועגן דער „ווידע" א.א.וו.

איז אָט, ווי איר זעט, האָט לענין ניט געשוינט גאָרקין דאן, ווען יענער האָט א טאָעס געהאט.

**אָבער מיט וואָס פאר א פרייד לענין באגעגנט יעדן גאָרקיס דערפאָלג!**

מע קען מיט זיכערקייט זאָגן, אז זײַנע אלוועלטלעכן דערפאָלג פון א פּראָלעטארישן שרײַבער האָט גאָרקי ניט ווייניק צו פארדאנקען לענינען.

מע טאָר אויך ניט פארבײַגיין לענינס ארטיקל „די פארטייִשע אָרגאניזאציע און די פארטייִשע ליטעראטור". דאָ שטרײַכט לענין ווידער אונטער די ראָלע פון דער פּאָליטי־שער אָנפירונג מיט דער ליטעראטור.

לענין שרײַבט:

„עס איז אָן צווייפל, אז די ליטעראטור גיט זיך ווייניקער פון אלץ אונטער דער מע־כאנישער אויסגלײַכערײַ, דער ניוועלירונג, דער הערשאפט פון דער מערהייט איבער דער מינדערהייט".

דאָך, צוגלײַך מיט דעם, ווארפט לענין אונטער א שארפער קריטיק אלע אינטעליגענטיש־אינדיווידואליסטישע ריידערײַען וועגן „פרײַ זײַן פון דער, געזעלשאפט", פון דער „פּאר־טייִשער שטײַג", ווי פרייליגראט האָט געזאָגט.

שאפנדיק א לעגענדע וועגן מארקסן, ווי וועגן א „נאָכגיביקן" „ליבהאָבער פון שיינער ליטעראטור" און באשיצער פון „פּאָעטישע קינדער" — האָט דער אויטער פון דער „לע־גענדע וועגן לעסינגן — פראנץ מערינג — דערוויזן אן איבעריקן מאָל, אז אפילע די לינקע

---

1) לענין ב. 14, ז. 374.
2) " " 15, ז. 336.

אין 2־טן אינטערנאַציאָנאַל האָבן זיך ניט געקענט באַפרייַען פון דער קאַנטיאַנישער עסטעטיק—פון דער אָפיציעלער עסטעטיק פון 2־טן אינטערנאַציאָנאַל.

דאָסזעלבע איז שייַעך פּלעכאַנאָוון.

ער איז, ווי באַוווסט, אויך ניט בייַגעשטאַנען דעם ניסאָיען צענויפפּאָרן מאַרקסן מיט קאַנטן. אין א רייַ ערטער שטעלט זיך פּלעכאַנאָוו, ווי באַוווסט, אָפּן אפן שטאַנדפּונקט פון דער קאַנטיאַנישער אָנשווילעכקייַט און „ניטפּאַרינטערעסירטקייַט" פון קונסט. פּלעכאַנאָוו שטעמפּלט די שרייַבער־פּאָלקיסטן מיטן צונעמעניש „קוואַזי־קינסטלער" דערפאַר, ווייַל זיי אינטערעסירן זיך „מער מיט פראַגעס איידער מיט עסטעטיק" [1]. אינעם זעלבן גייַסט טרעט פּלעכאַנאָוו אַרויס אויך קעגן נעקראַסאָוון און קעגן גאָרקין.

פון פּלעכאַנאָווס לייַכטער האַנט האָט זיך דידאָזיקע קאַנטיאַנישע קאָנצעפּציע געפּרווווט איבערפּעקלען און זיך פאַרפעסטיקן אין אונדזער סאָוועטישער ליטעראַטור־קענטעניש. איך וועל אייַך דערמאָנען דעם מענשעוויק פּערעווערזעוו מיט זייַן טעאָריע פון א „זאָרגלאָזער שפּיל מיט געשטאַלטן". איך וועל אייַך דערמאָנען די טראָצקיסטיש־פּערעוואַלישע קאָנצעפּציע פון דער „קינדערשער נאַטור פונעם קינסטלער" און דער לאָזונג פון דער „נאַרישער פּאָעזיע".

פונדאַנען דרינגען אויך אַרויס די רעאַקציאָנער־בורזשואַזע רעכילעס קעגן דער „איבערהאַנט פון דער פּאָליטיק", זייערע „טעאָריעס" וועגן דער שעדלעכקייַט פון דער טענדענץ, וועלט־אָנשויונג א. א. וו.

די עסטעטישע ירושה פון מאַרקס, ענגעלס און לענין גיט אין אונדזער האַנט א שאַרפן געווער אין קאַמף קעגן דעמדאָזיקן גאַנצן עסטעטישן קלעריקאַליזם.

אין זייַן אַרטיקל „דער דייַטשישער סאָציאַליזם אין לידער און פּראָזע" באַהויפּטעט ענגעלס, אז די אָפּוועזנהייַט פונעם „דערציילער־טאַלאַנט" איז באַדינגט „מיט דער אומבאַשטימטקייַט פון דער וועלט־אָנשויונג" [2]. דער הויכער ניוואָ פון דער וועלט־אָנשויונג, די בולעטע פּאָרשטעלונג וועגן דער „פאַרבינדונג פון באַזונדערע פאַקטן, וועגן וועלכע מע דאַרף דערציילן, מיט די אַלגעמיינע באַדינגונגען", האַלט ענגעלס פאַר א נייטיקער פּאָר־האַנאָכע פאַר דער פאַנאַנדערבלייַונג פונעם קינסטלערישן טאַלאַנט. אין קעגנפּאַל דראָט דעם שרייַבער די געפאַר צו פאַרלירן די מאַכט איבער זייַנע געשטאַלטן. זייַן א באַלעבאָס פון זייַנע געשטאַלטן, און ניט זייער בלינד געצייַג, ניט קיין קנעכט אין א „פּאַרקישעפטן קרייַז פון געשטאַלטן"—אָט וואָס דער קלאַסיקער פון מאַרקסיזם האַלט פאַר א נייטיקן באַדינג פון גרויסער קונסט. קעגן דער קאַפּיטוליאַנטישקייַט פון דער מענשעוויסטישער פּערעווערזעווישער טעאָריע, וואָס נעמט אַראָפּ די פּראָבלעם פון באַוווסטזיניקן פאַרטראַכט פונעם קינסטלער, רוקט מאַרקס אַרויס דעם פּרינציפּ פון דער ציל־אייַנשטעלונג און באַוווסטזיניקייַט אין דער מענטשלעכער טעטיקייַט.

מאַרקס שרייַבט:

„נאָר אפילע דער סאַמע ערגסטער אַרכיטעקטער אונטערשיידט זיך, פון סאַמע אָנהייב אָן, פון דער בעסטער בין מיט דעם, וואָס איידער ער נעמט זיך בויען א קעמערל פון וואַקס, האָט ער עס שוין אויסגעבויט אין זייַן קאָפּ". [3]

---

1) פּלעכאַנאָוו ב. 10, ז. 13.

2) מאַרקס און ענגעלס, ב. 5, ז. 126.

3) מאַרקס—„קאַפּיטאַל", ב. 1. ז. 149.

אָט דעמדאָזיקנ „קאָפּ־כאראקטער״ פונעמ קינסטלערישנ שאפנ, ניט מוירע האָבנדיק פאר באשולדיקונג אינ „ראציאָנאליזמ״ און „טרוקנקייט״—שטרײַכט ענגעלס אונטער, ווענ ער שרײַבט:

„... ווער עס אינטערעסירט זיכ ניט אינ זײַנ דענקענ מיטנ רעזולטאט, וועמעס פילאָסאָפיע עס אָנערקענט ניט איר אייגענע אופגאבע, יענער איז געגליכנ צו אזא קינסטלער, וועלכער וואָלט גענומענ מאָלנ אינ דער וועלט ארײַנ, אינגאנצנ ניט טראכטנדיק וועגנ דעמ, וואָס פונ זײַנ ארבעט וועט ארויס״ [1]).

„מאָלנ אינ דער וועלט ארײַנ״—דאָס הייסט—אינ א בארײַטנדיקער מאָס פארקלענערנ די קוואליטעט פונ דער קינסטלערישער שאפונג.

אינעמ בריוו צו מינע קאוטסקי [2]) האלט ענגעלס פאר נייטיק ספעציעל אונטערשטרײַכנ די ראָלע פונעמ באוווסטזיניקנ עלעמענט אינעמ שאפונג־פראָצעס. אינ קעגנזאצ צו דעמ מענשעוויסטישנ פאטאליזמ און סטיכייִשקייט פונ דער „נארישער פּאָעזיע״ פאָדערט ענגעלס „די מאכט פונ שרײַבער איבער זײַנ שאפונג״.

צי דראָט ניט אזא קאָנצעפּציע מיט דער געפאר פונ א טענדענציעזער ליטעראטור?

ענגעלס האָט ניט קיינ מוירע פאר דער שרעק־געשטאלט פונ „טענדענציעזער״ ליטעראטור. עס איז ניטאָ קיינ שומ שרעקלעכעס אינ דער טענדענציעזער ליטעראטור—מעלדעט ענגעלס [3]).

„איכ בינ ניט אינ קיינ פאל—שרײַבט ער—קיינ קעגנער פונ דער טענדענציעזער פּאָעזיע אלס אזא. דער פאָטער פונ דער טראגעדיע עסכיל און דער פאָטער פונ דער קאָמעדיע אריסטאָפאנ זײַנענ ביידע געווענ בולעט־אויסגעדריקטע טענדענציעזע פּאָעטנ, דאָסזעלבע אויכ דאנטע און סערוואנטעס...

די הײַנטצײַטיקע רוסישע און נאָרוועגישע שרײַבער, וועלכע שרײַבנ אויסגעצייכנטע ראָמאנענ, זײַנענ אלע טענדענציעז״.

איכ האָב שוינ פריִער גערעדט וועגנ דעמ, וואָס פאר א קאָלאָסאלע באדײַטונג לענינ האָט צוגעגעבנ דער טענדענצ, דער ריכטונג אינ דער ליטעראטור. דעמדאָזיקנ געדאנק אנטוויקלט לענינ און בארײַכערט אימ אינ זײַנ באוווסטנ ארטיקל „די פארטייִשע אָרגאניזאציע און די פארטייִשע ליטעראטור״. דאָ גיט לענינ זײַנ באוווסטע קאָנצעפּציע פונ פארטייִשער ליטעראטור, וועלכע דארפ ווערנ א טייל פונ דער אלגעמיינ־פּראָלעטארישער זאכ, וועלכע דארפ זײַנ „אָפּנ פארבונדנ מיטנ פּראָלעטאריאט״. אפ אזא אופנ שטעלט לענינ דעמ ערשטנ מאָל אינ איר גאנצער טיפקייט די פּראָבלעמ פונ פּראָלעטארישער ליטעראטור.

די עסטעטיק פונ צווייטנ אינטערנאציאָנאל, האָט, נאטירלעכ, ניט געקענט שאָלעמ מאכנ מיט אזא „אפּיקאָרסעס״. אָנהייבנדיק פונ קאוטסקינ און ענדיקנדיק מיט טראָצקינ, זײַנענ די טעאָרעטיקער פונ 2־טנ אינטערנאציאָנאל און אפילע זײַנע לינקע עלעמענטנ (מערינג, ר. ליוקסעמבורג) ארויסגעטראָטנ קעגנ דער מעגלעכקייט צו שאפנ א פּראָלעטארישע ליטעראטור.

---

[1]) מארקס און ענגעלס—ב. II, ז. 128.

[2]) ארכיוו מארקס און ענגעלס 1 (6), ז. 318.

[3]) דאָרטנ.

די זיגנ פונ דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אינ פ.ס.ס.ר. אונ די װאַקסנדיקע קאַדרענ פונ דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אינ די לענדער פונ קאַפּיטאַל צעשמעטערנ אַלע קאָנטער־רעװאָליוציאָנערע קאַפּיטולאַנטישע טעאָריעס אינ דער ליטעראַטור־קענטעניש.

עס האָט געזיגט די עסטעטיק פונ די קלאַסיקער פונ מאַרקסיזם—די עסטעטיק פונ מאַרקס, ענגעלס, לענינ.

די גאַנצע ליטעראַרישע פּאָליטיק פונ אונדזער פּאַרטײַ, באַזונדערס די רעזאָליוציע פונ צ. ק. פונ פּאַרטײַ פונ 23־טנ אַפּרעל דינט אַלס אַ בולטע אילוסטראַציע פונ דער מאַרקסיסטיש־לענינישער ליטעראַטור־פּאָליטיק.

מע מוז דאָ אָפּצייכענענ די אויסערגעװיינלעכע אויפמערקזאַמקײַט פונעמ פירער פונ אונדזער פּאַרטײַ כ׳ סטאַלינ צו די פּראָגעס פונ ליטעראַטור אונ ליטעראַטור־פּאָליטיק.

די פּילמאָליקע פּערזענלעכע אָנװײַזונגענ פונ כ׳ סטאַלינ װעגנ דער איבערבויונג פונ אונדזער ליטעראַטור, װעגנ קאַמפּ פאַרנ סאָציאַליסטישנ רעאַליזמ, װעגנ דער ראָלע פונ דראַמאַטורגיע אינ קאַמפּ פאַר דער גרויסער סאָציאַליסטישער קונסט, שאַפנ צוגלײַכ מיט די אַרויסזאָגונגענ פונ מאַרקס, ענגעלס אונ לענינ דעמ אײַזערנעמ פאָנד פונ אונדזער מאַרקסיסטיש־לענינישער ליטעראַטור־קענטעניש אונ ליטעראַטור־פּאָליטיק.

אונדזער טאָגטעגלעכע ליטעראַטור־פּראַקטיק איז אַ בולטע באַשטעטיקונג פונ דער ריכטיקײַט פונ דידאָזיקע אײַנשטעלונגענ.

עס איז גענוג אָנצוװײַזנ אויפנ װוקס פונ דעמ פּאָליטישנ סאָװעטישנ זעלבסטבאַװוסטזײַנ אינ די רייענ פונ די גרונט־מאַסנ פונ אונדזערע שרײַבער. די קלוגע ליטעראַטור־פּאָליטיק פונ דער פּאַרטײַ, דער קאַמפּ אויפ צװיי פראָנטנ—קעגנ דעמ אָנגריפ פונ קאָנטער-רעװאָליוציע, קעגנ לינקיסטישער װולגאַריזאַטאָרישקײַט אונ אָפּאָרטוניזמ, קעגנ פוילנ ליבעראַליזמ—האָט אויפגעהייבנ אונדזער ליטעראַטור אויפ אַ באַדײַטנדיקער הייכ.

עס הייבנ אָנ פאַרשווינדנ די „איבערמענטשלעכע״ ריידערײַענ װעגנ דער שעדלעכקײַט פונ דער „פּאַרטײיִשער שטײַגער״. עס װאַקסט די פּאַרטײיִשקײַט, די פּאָליטישע פאַרשאַרפקײַט פונ דער ליטעראַטור.

## III

צי װידערשפּרעכט ניט דער פּרינציפּ פונ פּאַרטײיִשער, טענדענציעזער ריכטונג־ליטעראַטור דעמ פּרינציפּ פונ אָביעקטיװער דערקענטעניש, דעמ פּרינציפּ פונ דער עמעסדיקײַט פונ דער ליטעראַטור?

ניינ, עס װידערשפּרעכט ניט!

אַרויסטרעטנדיק קעגנ סטרוּװיִאַנישנ בורזשואַזנ אָביעקטיװיזמ, שטרײַכט לענינ אונטער, אַז „מאַטעריִאַליזמ שליסט אײַנ אינ זיכ, אַזוי צו זאָגנ, פּאַרטײיִשקײַט״ אונ גלײַכצײַטיק איז דער מאַטעריִאַליסט קאָנסעקװענטער פונעמ אָביעקטיװיסט אונ פירט דורכ טיפער, פולער זײַנ אָביעקטיװיזמ״.

די קלאַסיקער פונ מאַרקסיזמ האָבנ הויכ געשעצט די בעסטע קינסטלערישע שאַפונגענ פונ דער װעלט־ליטעראַטור פאַר זייער אָביעקטיװער דערקענטעניש־װערט, פאַר זייער עמעסדיקײַט.

װעגנ דער ראָלע פונ „רעאַליסטישער עמעסדיקײַט״ אינ דער קינסטלערישער שאַפונג רעדט ענגעלס אינעמ בריװ צו דער שרײַבערנ האַרקנעס. דער עמעס פונ קינסטלערישנ

דערציילן—זאָגט ענגעלס—„באַנייט די אלטע געשיכטע", ד. ה. די שאבלאָנע פאבול—און אפ אזא אויפן פארהיט ער דעם שרײַבער פון „קינסטלעכע באפוצונגען" [1]).

ענגעלס פאָדערט פונעם קינסטלער „טרײַ איבערגעבן די טיפישע כאראקטערס אין די טיפישע אומשטאנדן".

לענין, ווי באווּסט, האָט ניט איינמאָל געקעמפט פאר דער עמעסדיקײַט אין דער קונסט. די עמעסדיקײַט פון דער קונסט שטרײַכט לענין אונטער אין זײַנע ארויסזאָגונגען וועגן אנרי בארביוסן, וועגן סינקלערן און וועגן טאָלסטויען.

טאָלסטויס קראפט פונעם קינסטלערישן טאלאנט זעט לענין אין „אראָפּרײַסן אלע מאס־קעס", אין „ניכטערן רעאליזם".

אין איינעם פון זײַנע ארטיקלען פון 1854 י. שרײַבט מארקס וועגן די ענגלישע רעא־ליסטן פאָלגנדיקעס:

„די הײַנטצײַטיקע גלענצנדיקע שול פון די רעאליסטן אין ענגלאנד, וואָס אירע אָנשוילעכע און בולטע באשרײַבונגען האָבן דעמאסקירט פאר דער וועלט אסאך מער פאָליטישע און סאָציאַלע עמעסן, איידער דאָס האָבן געטאָן אלע פאָליטיקער, פובליציסטן און מאָראליסטן צוזאמענגענומען, האָט געשילדערט אלע שיכטן פון דער בורזשואזיע"... א. א. וו.

דיזעלבע דערקענטעניש־אָביעקטיווקײַט אין דער קונסט שטרײַכט מארקס אונטער אין זײַן קאָרעספאָנדענץ מיט לאסאלן איבער דעם לעצטנס טראגעדיע „פראנץ פאָן זיקינגען". דאָ אנטוויקלט מארקס באזונדערס בולעט זײַן שטאנדפונקט אפ אָביעקטיווקײַט און אפ עמעסדיקײַט פון דער קונסט.

פונקט אזוי ווי די „מענטשלעכע באגריפן—זײַנען אן אָפּבילד פוןווירקלעכע זאכן" (ענגעלס) אזוי זײַנען אויך די קינסטלערישע געשטאלטן אן אָפּבילד פון דער ווירקלעכקײַט, אן אָפּ־שפיגלונג פון דער ווירקלעכקײַט אין דער אָדער יענער מאָס. און טאקע דעריבער און טאקע אין יענער מאָס, אין וועלכער די קינסטלערישע שאפונג איז א שפיגל פון דער ווירקלעכקײַט—האָט זי פאר אונדז א ווערט, זי באַרײַכערט אונדזערע קענטענישן מער, „ווי דאָס האָבן געטאָן אלע פאָליטיקער, פובליציסטן און מאָראליסטן צוזאמענגענומען", ווי מארקס זאָגט.

מארקס גיט אונדז אפ אזא אויפן אין די הענט א גלענצנדיק געווער אין קאמפ פאר דער טעאָריע פון אָפּשפיגלונג אין דער ליטעראטור—קעגן אלע אגנאָסטישע טעאָריעס, יעראָגליפן־טעאָריעס פון פלעכאנאָווישן נוסעך א. א. וו.

לאָמיר זיך דערמאָנען, וויאזוי מארקס האָט געשטעלט די פראָבלעם פון אָביעקטיווקײַט פונעם קינסטלערישן געשטאלט.

„וואלטאסאר—שרײַבט מארקס וועגן איינעם פון די געשטאלטן אין לאסאלס טראגעדיע—קען זיך געוויס פאָרשטעלן, אז אויב זיקינגען וואָלט ניט באהאלטן זײַן אופשטאנד אונטער דער מאסקע פון א ריטערלעכן געשלעג... וואָלט ער געזיגט. אָבער צי קענען מיר זיך האלטן בא דערדאָזיקער אילוזיע? [2]).

[1]) Лит. наследство № 2.
[2]) Лит. Наследство № 3.

דעמ קריטערי פונ אנ עמעסדיקער געשטאַלט. זעט איינ מארקס אינ איר מאָס פונ אָפּשפּיגלענ דיווירקלעכע פּראָצעסנ. מארקס דערלאָזט ניט קיינ איליוזאָרישקייט פונ געשטאַלט.

לאסאַל ווידער פאַרטיידיקט דעמ סוביעקטיוו־אידעאַליסטישנ שטאַנדפּונקט. לאסאַל פאַרענטפערט זיכ מיט דעמ, וואָס „אינ דער דראַמע האָבנ מיר צו טאָנ ניט מיט א קריטיש־פילאָסאָפישנ עמעס, נאָר מיט א עסטעטישער איליוזיע".

לאסאַל שטרייכט אונטער די גאַנצע צייט, אז ער מעג זיכ באַגיינ מיט דער געשיכטע אונ מיט דער ווירקלעכקייט ווי ער וויל, ווייל ער, קלוימערשט, גיט די טראַגעדיע פונ אנ אייביקנ קאָנפליקט, וועלכער כאַזערט זיכ איבער בא יעדער רעוואָלוציע".

אונ טאַקע קעגנ דעמדאָזיקנ אויסערהיסטאָרישנ, אבסטראַקטנ צוגאַנג פונעמ דראַמאַטורג זיינענ אַרויסגעטראָטנ מארקס אונ ענגעלס.

זיי ביידע שטרייכנ אונטער, אז לאסאַל האָט ניט פאַרשטאַנענ די קלאַסנ־צווישנבאַציִונגענ פונ יענער עפּאָכע, וועלכע ער האָט געפּרוווט קינסטלעריש באַווייזנ.

ווי א טיפּישער בורזשואַזער ליבעראַל האָט לאסאַל „געשטעלט העכער די ליוטעריש־ריטערלעכע אָפּאָזיציע פאַר דער פּלעבייִש־מיונצערישער".

אונ דאָסדאָזיקע ניט פאַרשטיינ די קלאַסנצווישנבאַציִונגענ האָט אינ א באַדייטנדיקער מאָס געבראַכט שאָדנ דער טראַגעדיע. די אבסטראַקטע, אויסערהיסטאָרישע העלדנ פונ דער טראַגעדיע האָבנ זיכ פאַרוואַנדלט, ווי מאַרקס זאָגט, אינ „פּראָסטע רופּאָרנ פונעמ צייט־גייסט", אָנ קאָנקרעט־היסטאָרישע רעאַלע אינדיווידועלע שטריכנ, אָנ „שעקספּירישער לעבעדיקייט", ווי ענגעלס זאָגט.

אָט ווי מארקס אונ ענגעלס האָבנ געשטעלט די פּראָבלעמ פונ אָביעקטיווער דערקענטעניש אינ דער קונסט.

פּלעכאַנאָוו האָט ניט זעלטנ געפּלאָנטערט אינ דערדאָזיקער פראַגע. זיינ האַנאָכע דעמ אגנאָסטיציזמ אינ דער פראַגע וועגנ יעראָגליפנ לאָזנ זיכ פילנ אינ זיינ ליטעראַריש־קריטישער טעטיקייט. הייל אגעוו אונטערנ דרוק פונ זיינ יעראָגליפנ־טעאָריע האָט פּלעכאַנאָוו ניט פאַרשטאַנענ די אָביעקטיווקייט אונ ריכטיקייט פונ טאָלסטויס פּויערישע געשטאַלטנ, ער האָט זיי באַטראַכט ווי „צייכנס" פונעמ גייסטיקנ לעבנ פונעמ פּאָרעצ—טאָלסטוי אונ האָט ניט געזעענ טאָלסטויענ, ווי א „שפּיגל פונ דער רוסישער רעוואָליוציע".

גלייכ נאָכ פּלעכאַנאָוונ האָבנ דעמדאָזיקנ אגנאָסטיציזמ אָנגעהייבנ פּריידיקנ אלע בורזשואַזע שולנ אינ אונדזער ליטעראַטור־קענטעניש (די פּערעווערזעווצעס, טראָצקיסטנ, פּערעוואַלצעס).

לענינ „ווי באַקאָנט" האָט אויפגעהייבנ די מארקסיסטישע קאָנצעפּציע פונעמ באַגריפ וואָס איז „אנ אָפּבילד פונ דער ווירקלעכקייט" אפ דער הייכ פונ דער לענינישער אָפּשפּיגלונג־טעאָריע. לענינ איז ניט איינמאָל אָנגעפאַלנ אפ דער באָגדאַנאָווטשינע אונ אפ דער פּלעכאַנאָווישער יעראָגליפנ־טעאָריע. די לענינישע ארטיקלענ וועגנ טאָלסטויענ ווי א „שפּיגל פונ דער רוסישער רעוואָליוציע" גיבנ א גלענצנדיקנ ביישפּיל פונ אָנווענדנ די אָפּשפּיגלונג־טעאָריע צו דער ליטעראַטור.

אונ אָט איז אינטערעסאַנט איצט אָפּצומערקנ: פּלעכאַנאָוו האָט פּונקט ווי לענינ געוווסט וועגנ דער קאָרעספּאָנדענצ פונ מארקסנ מיט לאסאַלנ איבער דער טראַגעדיע „פראַנצ פאָנ זיקינגענ".

נאָר פלעכאנאָוו האָט קײנ אײנ וואָרט ניט געזאָגט וועגנ יענער פארניכטנדיקער קריטיק, וואָס מארקס האָט געגעבנ דער לאסאלישער אויסערהיסטאָרישער אבסטראקטער, סוביעקטיוו־אידעאליסטישער קאָנצעפּציע פונ דער טראגעדיע אינ אלגעמײנ. פלעכאנאָוו ציטירט דאָס לאסאלישע פארשטײנ די טראגעדיע אונ גיט צו פונ זיכ:

„דאָס, וואָס לאסאל רעדט וועגנ דער טראגעדיע, קענ מענ זאָגנ וועגנ דער בעלעטריסטיק ביכלאל אונ וועגנ אונדזער בעלעטריסטיק ביפראט" (פלעכאנאָוו, ב. 10, ז. 61).

פלעכאנאָוו האָט דאָ אינזינענ די פאָלקיסטישע בעלעטריסטיק. אָבער פלעכאנאָווס ארטיקלענ וועגנ דער פאָלקיסטישער בעלעטריסטיק דעקנ טאקע אופ באזונדערס בולעט די אויסערהיסטאָרישע, אבסטראקט־אידעאליסטישע אָנשויונגענ פונ פלעכאנאָוונ.

לענינ פארופט זיכ אויכ אינ אײנ אָרט אפ דער קאָרעספּאָנדענצ פונ מארקסנ מיט לאסאלנ, אָבער לענינ טאפּט אָנ מיט אנ אויסשליסלעכער טיפקײט דעמ טאָכ פונ לאסאל׳ס טאָעס.

לענינ שרײבט: [1]

„אונ מארקס האָט שוינ אָנמערקנדיק אינ אלגעמײנע שטריכנ די גאנצע ליניע פונ די צוקונפטיקע מײנונג־פארשײדנהײטנ פונ די לאסאליאנער אונ אײזענאכער, אופגעוואָרפנ לאסאלנ, אז ער פאלט ארײנ אינ א טאָעס „מיט דעמ, וואָס ער שטעלט העכער די ליוטעריש־ריטערלעכע אָפּאָזיציע פאר דער פלעבײיש־מיונצערישער".

לענינ זעצט דאָ גלײכ איבער מארקס שפראכ אפ דער שפראַכ פונ דער ווירקלעכקײט: די ליוטעריש־ריטערלעכע אָפּאָזיציע—דאָס איז אונדזער ליבעראל־גוטבאזיצערישע אָפּאָזיציע אונ די פלעבײיש־מיונצערישע—דאָס איז די פראָלעטאריש־פויערישע.

די לענינישע אָפּשפּיגלונג־טעאָריע איז א נײטיקע פאָרהאנאָכע פאר שטעלנ די פּראָבלעמ פונעמ אָביעקטיוו־ריכטיקנ אָפּשפּיגלענ די ווירקלעכקײט. ניט אומזיסט באטראכטנ אלע טעאָרעטיקער פונ 2־טנ אינטערנאציאָנאל, אָנהײבנדיק פונ קאוטסקינ אונ ענדיקנדיק מיט אדלערנ—די אָפּשפּיגלונג־טעאָריע ווי א „שוינ לאנג באגראָבענע אונטערנ טומל אונ געלעכטער פונ דער קריטישער פילאָסאָפיע".

ווײל די פאלסיפיקאטערנ פונ מארקסנ קענענ ניט ניט זענ אינ דער אָפּשפּיגלונג־טעאָריע א גרונט־רונג פונ דער פילאָסאָפיע פונ מארקסיזמ־לעניניזמ.

---

עס איז אוממעגלעכ אינ אײנ ארטיקל אויסצושעפּנ די גאנצע רײכקײט פונ די אידײענ, וועלכע עס האָבנ ארײנגעטראָגנ אינ אונדזער ליטעראטור־קענטעניש די קלאסיקער פונ מארקסיזמ.

די לעצטע פארעפנטלעכטע ארטיקלענ אונ בריוו פונ מארקס אונ ענגעלס עפענענ אופ אלצ נײע אונ נײע גלענצנדיקע זײטלעכ פונ דער מארקסיסטיש־לענינישער עסטעטישער ירושע.

די פּראָבלעמ פונ „שילעראָווסטשינע אונ שעקספּיריזירונג", די פּראָבלעמ פונ טיפּ, די פּראָבלעמ פונ דער פאָרמ־אנאליז, קולטור־ירושע, די פּראָבלעמעס פונ רעאליזמ א. א. וו. זײ אלע זײנענ שוינ געוואָרנ אקטועלע פּראָבלעמעס פונ אונדזער ליטעראטור־קענטעניש.

---

[1] לענינ, ב. 15, ז. 347.

דער גרעסטער מארכ פונ דער צווייטער העלפט פונ אונדזער יאָרהונדערט — קארל מארקס, האָט ניט געקענט ניט ווערנ דער גרונטלייגער פונ אונדזער עסטעטיק.

די קראפט פונ זייער לײַדנשאפט האָבנ מארקס אונ ענגעלס געווענדעט קעגנ דער בורזשואזער „וואסער־קלאָזעט־עסטעטיק", קעגנ דער שילער־קאנטיאנישער „עסטעטישער אילױזיע".

סאָ זאָלנ ווילדעווענ די כאזיידים אונ הינט פונ דער בורזשואזער רעאקציאָנערער עסטעטיק! זאָלנ הימלערס פאשיסטישע באנדעס מאָביליזירנ זייער פינצטערע מאכט אפ אויסצוראָטנ דעם מארקסיזם־לעניניזם. זאָלנ די קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע נאצדעמאָקראטנ שטעלנ זייער לעצטע קאָרט אפ אונדזער ליטעראטור.

זייער לידעלע איז אָפגעזונגענ.

קיינמאָל האָט נאָכ אזוי טרעפלעכ ווי איצט ניט געקלונגענ מארקס ווערטל וועגנ דער וואסער־קלאָזעט־עסטעטיק פונ דער בורזשואזיע.

די בעסטע פאָרשטייער פונ דער עסטעטישער קולטור פונ דער מענטשהײַט רײַסנ איבער מיט דער וואסער־קלאָזעט־עסטעטיק פונ דער הײַנטצײַטיקער בורזשואזער וועלט אונ ייגענ אוועק אונטער די פאָנענ פונ קאָמוניזם אונ סאָציאַליסטישער בויונג.

אונ הײַנט, אינעם 50־טנ יאָרטאָג נאָכנ טויט פונ אונדזער גרויסנ לערער, קענענ מיר איבערכאזערנ די ווערטער פונ זײַנ פרײַנט ענגעלס אפנ טויט פונ מארקסנ:

„אים האָבנ מיר צו פארדאנקענ דאָס אלצ, וואָס מיר זײַנענ געוואָרנ, אונ די גאנצע הײַנטצײַטיקע באוועגונג איז געוואָרנ דאָס, וואָס זי איז איצט אדאנק זײַנ טעאָרעטישער אונ פראקטישער טעטיקײַט, אָנ אים וואָלטנ מיר נאָכ ביז איצט געבלאָנדזשעט אינ דער פינצטער" [1]

אים האָבנ מיר אויכ צו פארדאנקענ דעם שארפנ געווער פונ פראָלעטאריאט—דעם לעניניזם, וואָס איז דער „מארקסיזם פונ דער עפּאָכע פונ אימפעריאַליזם אונ פראָלעטארישער רעוואָליוציע", דאָס הייסט, די „קאָנקרעטיזירונג אונ די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונעם קרי־טישנ אונ רעוואָליוציאָנערנ מעטאָד פונ מארקסנ—פונ זײַנ מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק" [2]

אים האָבנ מיר, פאָלגלעכ, צו פארדאנקענ אויכ אונדזער גרויסער אלפארבאנדישער קאָמוניסטישער פארטיי, וואָס איז געשאפנ אונ ווערט אָנגעפירט לויט זײַנע געבאָטנ, וואָס בויט אונטער דער אָנפירונג פונעם בעסטנ לענינעצ אונ מארקסיסט פונ אונדזער צײַט—דעם כ' סטאלינ דעם סאָציאַליזם אפ איינ זעקסטל פונעם ערד־קויל, אונ וואָס האָט הויכ איבער דער גאנצער ארבעטנדיקער מענטשהײַט אופגעהויבנ די רויטע פאָנ פונ מארקסיזם־לעניניזם, די פאָנ פונ די אידייענ פונ מארקס, ענגעלס, לענינ אונ סטאלינ.

---

1) Архив Маркса и Энгельса I(VI) стр. 223.
2) Сталин „Вопросы Ленинизма", стр. 19.

א. ד.

# העכער די פאָנ פונ פראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ

דער פארייניקטער פלענום פונ צ.ק. אונ מינסקער שטאָטקאָמ ק.פ.(ב)וו., וועלכער איז פאָרגעקומענ דעמ 19־טנ מארט איבער דער באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב) פארנ 2־טנ מארט 1933 י. וועגנ דורכפירנ די נאציאָנאלע פאָליטיק פונ אל.ק.פ.(ב) אינ ווייַסרוס־לאנד,—באצייכנט מיט זיכ א וויכטיקנ ווענדפונקט אינ דער ארבעט אונ קאמפ פונ די פארטייישע, סאָוועטישע אונ פראָפעסיאָנעלע אָרגאניזאציעס פונ וו.ס.ס.ר.

דער פלענום איז דורכגעגאנגענ אונטערנ צייכנ פונ פאנאנדערגעוויקלטער באָלשעוויסטישער קריטיק אונ זעלבסטקריטיק פונ די ערנסטע פעלערנ אונ דורכרייַסנ אינ געביט פונ פארווירקלעכנ די גרונט־פרינציפנ פונ דער לענינישער נאציאָנאלער פאָליטיק, פונ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג. מיט דער גאנצער באָלשעוויסטישער אָפנקייַט האָט דער פלענומ אינ זייַנ רעזאָליוציע דערקלערט:

„דער פארייניקטער פלענום פונ צ.ק. אונ מינסקער שטאָטקאָמ ק.פ.(ב)וו. צוזאמענ מיטנ מינסקער אקטיוו דערקלערט, אז די פאקטנ, וועלכע זייַנענ פארעפנטלעכט געוואָרנ אינ דער „פראוודא“ (דער בריוו פונעמ לערער כ׳ סצעפורא, די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע נאצ־דעמישע ארויסטרעטונגענ אפנ ליטעראטור־פראָנט, די פאקטנ פונ פארמיסטיקטקייַט פונעמ אפאראט פונ פאָלקאָמבילד מיט נאציאָנאליסטישע איבערגעבורטלערישע עלעמענטנ), אונ אויכ די פאקטנ, וואָס זייַנענ צוגאָבלעכ אופגעדעקט אונ ווערנ אופגעדעקט וועגנ פאר־קריפלענ די לענינישע נאציאָנאלע פאָליטיק פונ דער פארטיי אינ ווייַסרוסלאנד—זאָגנ אײדעס מיט דער גאנצער אָנשוילעכקייַט, אז די ווייַסרוסישע פארטייישע, סאָוועטישע, פראָפארייִנישע אונ קאָמיוגישע אָרגאניזאציעס פירנ ניט קיינ באָלשעוויסטישנ קאמפ פאר די גרונט־פרינציפנ פונ אינטערנאציאָנאליזמ אונ אינ א רײ פאלנ גיבנ זיי נאָכ די בורזשואז־באלע־גופישע נאציאָנאליסטישע טענדענצנ“.

אינ דידאָזיקע ווערטער ווערט אנטשיירנ קריטיקירט די אָפשוואכונג פונ דער קלאסנ־וואכזאמקייַט בא די פארטייישע אָרגאניזאציעס, בא יעדנ קאָמוניסט באזונדער, וועלכע האָבנ פארזענ די פאקטנ פונ פארקריפלענ די נאציאָנאלע פאָליטיק פונ דער אל.ק.פ.(ב) אפ די ערטער אונ אינ א רײ פאלנ נאָכגעגעבנ די בורזשואז־באלעגופישע נאציאָנאליסטישע טענדענצנ.

אינ שייַנ פונ די אָנווייַזונגענ פונ פלענום דארפנ מיר מיט דערזעלבער באָלשעוויסטישער אנטשיידנקייַט דורכקוקנ די ארבעט צווישנ די יידישע ארבעטער אונ ארבעטנדיקע,

אופדעקנ אונ ארױסרײַסנ די מאסקע פונ די ייִדישע בורזשואַז־באַלעגופישע נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטנ, פונ בונדיסטיש־ציִעניסטישער קאָנטראבאנדע, פונ בונדיסטישע, ציִעניסטישע, ייִדישיסטישע רעצידיװנ אונ אנד., װאָס האָבנ געהאט אנ אָרט אינ דער פראקטיק פונ דער נאַצקולט־ארבעט אפ ייִדיש.

צי קענענ מיר זאָגנ, אז אינ דער ארבעט צװישנ די ייִדישע ארבעטער אונ ארבעטנדיקע, אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט אינ ייִדיש, אינ דער ייִדישער ליטעראטור אונ קונסט האָבנ מיר געזיכערט די באָלשעװיסטישע קלאסנװאכזאמקײַט, באצײַטנס אופגעדעקט אונ געגעבנ א װידערשטאנד די קלאסנ־פײַנטלעכע ארױסטרעטונגענ אונטער א פאלש־נאַציאָנאלער פאָנ?

געװיס ניט. פארקערט, אינ דער צײַט, װענ אינ דער װײַסרוסישער ליטעראטור איז שױנ ארױפגעריסנ געװאָרנ די מאסקע פונ די בורזשואַז־באַלעגופישע נאַצדעמישע ארױסטרעטונגענ פונ סידאָרענקאָ־פענאָטשקינ, ניקאָנאָװיטש אונ בארנאָװיכ, װענ ס׳איז שױנ מיט דער באָלשעװיסטישער הילפ פונ צ.־אָ. „פראװדא״ געװיזנ געװאָרנ די באַלעגופיש־נאַצדעמישע ארבעט פונ די רעשטלעכ פונ פרישטשעפאָװשטשינע, באַליצקיס אונ טראָצקיסטנ אינ פאָלקאָמערד, פאָלקאָמבילד, „באנ״ אונ אנד.,—האָבנ מיר־נאָכ מיצאד אײניקע ייִדישע טוער געהערט שטימענ, אז „אפנ ייִדישנ פראָנט איז רויִק״, אז זוכנ ענלעכע בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע קאָנטראבאנדע „בא אונדז״ הײסט פאָשעט פאטאַליזמ, ניט גלױבנ אינ דער אײגענער קלאסנ־װאכזאמקײַט...

אז אינ דידאָזיקע טײַנעס איז פארבאהאלטנ געװענ א שפאָר ביסל אָפּאָרטוניזמ אונ פױלער ליבעראַליזמ, מוירע פאר באָלשעװיסטישער זעלבסטקריטיק אונ איבערהױפּט נאַציאָנאַליסטישע פארבלענדעניש, אז די „אײגענע נאַציע״ פאלט ניט אונטער די אלגעמײנע געזעצנ פונ קלאסנקאמפ — איז צו זענ פונ דער באדײַטנדיקער צאָל פאקטנ פונ בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישנ, בונדיסטישנ, נאַצדעמישנ כאראקטער, װעלכע די פארטײַישע אונ פראָלעטארישע געזעלשאפטלעכקײַט, די באָלשעװיסטישע פרעסע („זװיאזדא״, „אָקטיאבער״ אונ אנד.) האָבנ פאר דער לעצטער צײַט אופגעדעקט אפ פארשײדענע געביטנ פונ ארבעט, באזונדערס אפנ פראָנט פונ דער ייִדישער ליטעראטור אונ קולטור.

די דערשײַנונגענ פונ פארשארפטנ קלאסנקאמפ קעגנ צעגראָמירטנ, אָבער נאָכ ניט אינגאנצנ דערשלאָגענעמ באַלעגופנטומ אינ דער קאָלװירטישער בױונג אונ אינ דאָרפ ביכלאַל, האָבנ מיר אינ א רײ פאַלנ שױנ באמערקט אױכ אינ די ייִדישע אונ אינטערנאַציאָנאַלע קאָלװירטנ. די „שטילע כאפּע״ פונ ייִדישנ באַלעגופ אונ נעפּמאנ האָט זיכ דאָ אױסגעדריקט אינ די פרוּװנ צו אָנכאפּנ זיכ אָנ דער פאלש־נאַציאָנאלער פאָנ, קעדײ מיט איר פארשלײערנ זײערע ספעקוליאנטיש־שעדיקערישע מאכינאציעס אונ געפינענ פאר זיכ „נאַציאָנאַלע אומבארירלעכקײַט״. אזױנע בונטע ארױסטרעטונגענ זײַנענ אופגעדעקט געװאָרנ אינ אינטערנאַציאָנאלנ קאָלװירט „פאָלעסער שטערנ״ (סטאראָבינער רײַאָנ), װוּ די ספעקוליאנטנ, װעמענ מע האָט געכאפּט פארנ האנט, האָבנ אופגעהײבנ א גװאַלד, אז אנטיסעמיטנ רודעפנ זײ, אינ אײניקע ייִדישע קאָלװירטנ פונ קלימאָװיטשער רײַאָנ אונ אנד., אינ קלימאָװיטשער ייִדישנ קאָלװירט „ענערגיע״ האָבנ די דורכגעקראָכענע באַלעגופים דורכגעפירט דעם סאמע עקלהאפטנ שאָװיניזמ (פאראכטונג צומ לעבנשטײגער פונ די װײַסרוסישע פױערימ), נאַציאָנאַלע אײַנגעשלאָסנקײַט (אָפּגעזאָגט זיכ אָנעמענ װײַסרוסישע אָרעמ־מיטלפױערימ אינ קאָלװירט) אונ קעגנזײַטיקע אָרװעס.

דער פראָנט פונ דער ייִדישער ליטעראטור, וויסנשאפט, בילדונג, טעאטער אונ אנד. איז געבליבנ ניט איזאָלירט פונעמ אלגעמיינעמ פראָנט פונ קלאסנקאמפ. די דורכרײַסנ אינ דער נאציאָנאַל־קולטורעלער בויונג ווײַזנ, פארקערט, אז אינ אייניקע געביטנ האָבנ זיכ די ייִדישע בורזשואז־נאציאָנאַליסטישע, ייִדישיסטישע, בונדיסטישע אונ אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטנ געפילט גאנצ פעסט, דורכגעטראָגנ פרײַ זייער קאָנטראבאנדע אונ געפירט פארנ נאָז די פארטייִשע „שליאפעס".

מירנ געמענ צוערשט די באדײַטנדיקע דורכרײַסנ, וועלכע ס'האָט געהאט דער אינ־סטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור (געוו. ייִדסעקטער „באנ"). בונדיסטישע, ייִדישיסטיש־נאצדעמישע, בורזשואז־נאציאָנאַליסטישע קאָנצעפּציעס זײַנענ דורכגעשמוגלט געוואָרנ אינ א רײ אויסגאבעס פונ אינסטיטוט (זאמלביכער „צומ 15־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע", „אפנ וויסנשאפטלעכנ פראָנט", ווערטערבוכ אונ אנד.).

אינ די היסטאָרישע ארבעטנ פונ טשערניאווסקינ (געוו. פאָרזיצער פונ דער היסטאָרי־שער קאָמיסיע אינ אינסטיטוט) ווערנ אידעאַליזירט די ייִדישע בורזשואזיע אונ קליינביר־גערלעכע פארטייענ—די ציִעניסטנ, דער „בונד", „פ.צ." אונ אנד. עס איז גענוג בלויז צו ברענגענ דעמ ערשטנ אבזאצ פונ זײַנ ארבעט אינ היסטאָרישנ זאמלבוכ „די אָקטיאבער־רעוואָליוציע אונ די צעלייגונג פונ די ייִדישע קליינבירגערלעכע פארטייענ (1917—1918)". דער ארטיקל הייבט זיכ אָנ מיט פאָלגנדיקער „אקסיאָמע", וואָס איז ארויסגעשלעפט פונ ציִעניסטישנ ארסענאל:

„יעדער אויפברויז פונ דער רעוואָליוציע אינ רוסלאנד פלעגט דערוועקנ באשטימטע האָפענונגענ בא אלע טיילנ פונ דער ייִדישער בורזשואזיע אפ דער מעגלעכקײַט צו דער־שלאָגנ זיכ די לאגע פונ א קליינ־בארעכטיקטנ סוביעקט אפנ גרויסרוסלענדישנ מארק". לאָמיר זיכ דערמאָנענ אָנ דער באציִונג פונ דער מינסקער „פ.צ." צומ פּאָליטישנ קאמפ אינ רוסלאנד נאָכנ 9־טנ יאנוואר 1905 י. אונ דער העלסינגפאָרסער געגנווארט־פּראָגראמ פונ די ציִעניסטנ אינ 1906 י."

די ייִדישע בורזשואזיע אונ די קליינבירגערלעכע פארטייענ זײַנענ געווענ צופרידנ, לויט טשערניאווסקינ, מיט דער רעוואָליוציע פונ 1905 י. „די גרויסע רוסלענדישע רעוואָ־ליוציע אינ 1917 י.—גיט צו טשערניאווסקי—האָט געדארפט באזונדערס דערוועקנ אזעלכע האָפענונגענ". אפ צו באשטעטיקנ זײַנע היסטאָרישע „פאָרשונגענ" (פאקטיש פעלשונגענ) ברענגט טשערניאווסקי דאָקומענטנ פונ ציִעניסטישנ צענטראל־קאָמיטעט, קוועלנ פונ „בונד", „ס.ס.", „פ.צ." אונ זייערע פארטיי־לידערס, אָנעמענדיק פאר ריכטיק אונ אויפריכטיק יעדנ זייער וואָרט, „נאיִוו"־פארגעסנדיק אָנ דער מאנעוורענ־פייִקײַט פונ דער בורזשואזיע אונ סאָציאַל־אָפּאָרטוניזמ, אָנ דער רעוואָליוציאָנערער פראזעאָלאָגיע, וואָס פארדעקט בא זיי, ווי לעניג האָט צענדליקער מאָל אויפגעדעקט, זייערע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע צילנ. טשער־ניאווסקי פארופט זיכ אינ איינ אָרט אפ דעמ בונדאָוועצ־שעדיקער גינזבורג—נאומאָוו, וועלכנ ער אטעסטירט אלס פּיאָנער פונ דער ייִדישער ארבעטער־באוועגונג אינ וויטעבסק. ווי עס האָט זיכ שפּעטער ארויסגעוויזנ, האָט מענ טשערניאווסקינ וועגנ דעמ געמאָלדנ נאָכ איידער דער זמ"ב איז געווענ אָפּגעדרוקט, אָבער די היסטאָרישע „זיכערקײַט" פונ טשערניאווסקינ איז געבליבנ אומגעוואקלט...

מיט בורזשואז־נאציאָנאַליסטישער אפּאָלאָגעטיק אונ פּעטישיזירונג פונ נאצדעמישע קוועלנ איז אויכ דורכגעדרונגענ די ארבעט פונ אלעקסאנדראָווונ אינ סאָציאַל־עקאָנאָמישנ זמ"ב. דער ליטעראריש־לינגוויסטישער זמ"ב פונ דער סעריע האָט אינ זײַנ לינגוויסטישנ

טײל א „בוקעט“ פונ ייִדישיסטישע אײַנשטעלונגענ אינ האָלמשטאָקס אַרבעט, בורזשואזנ נאַציאָנאַליזם אינ פײַנזילבערס אַרטיקל אונ נאַציאָנאַליסטישע „רודימענטנ“ אינ בעזונאָסיקס פאָרשונגענ.

די לינגוויסטישע קאָמיסיע פונ אינסטיטוט האָט זיכ „אויסגעצייכנט“ מיט נאָכ א נאַצדעמישער ארויסטרעטונג, וואָס האָט געפונענ איר פאַרקערפּערונג אינ דעמ ייִדיש־ווײַסרוסישנ ווערטערבוכ. אָנשטאָט דער אײַנשטעלונג אפ הײַנטצײַטיקײַט אונ לענינישנ פאַרשטײנ די אויפגאַבע, האָט די קאָמיסיע געשטעלט דעמ טראָפּ אפ אײַנהייטנ אונ כאָוועג די העברייִסטישע, ייִדישיסטיש־רעאַקציאָנערע וואָרט־ירושע (ווערטער פונ לאַמדאָנישנ מויל, פונ צענעורענע־פאָלקסטימלעכקײַט אונ אנד.), אויסמײַדנדיק א גרויסנ טײל פונ אונדזער הײַנטצײַטיקער שפּראַכ, שפּראַכ פונ דער פּרעסע אונ סאָוועטישער ליטעראַטור, סאָוועטיזמענ אונ לעבעדיקע שפּראַכ פונעמ ייִדישנ שלאָגלער אונ קאָלווירטניק.

דאָ דאַרפ אָנגעוויזנ ווערנ אפ דער אָפּגעטעמפּטער וואַכזאַמקײַט פונ דעמ פּאַרטײִשנ טײל אינ אינסטיטוט, וואָס האָבנדיק אזוינע דורכפַלנ, האָט געפּרוּווט בא די ערשטע סיגנאַלנ פונ דער פּרעסע קעגנשטעלנ זיכ אונ נעמענ אונטער זײַנ שוצ טשערניאַווסקענ, ניט דערלאָזנדיק קײנ זעלבסטקריטיק. פונ דער אַנדער זײַט דאַרפנ פאַרוּרטײלט ווערנ די דעמאָביליזאַציע־שטימונגענ בא די מיטאַרבעטער פונ אינסטיטוט, וואָס שטערט צו אויפדעקנ ביזנ סאָפ די דערלאָזענע פאַרקריפּלונגענ אונ אַקטיוויזירנ זיכ פאַר מאַרקסיסטיש־לענינישער שעפערישקײַט.

אינ דער ייִדישער ליטעראַטור פונ ווײַסרוסלאַנד האָבנ מיר געהאַט אנ ארויסטרעטונג, וואָס רופט זיכ איבער מיט די נאַצדעמישע ארויסטרעטונגענ אינ דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור. מיר האָבנ דאָ אינ זינענ מ. ליפשיצעס ליד „א בריגאַדע אינ דאָרפ“, וואָס האָט געזאָלט געלײענט ווערנ אינ דער ראַדיאָ־צײַטונג „לענינוועג“. ליפשיצ שילדערט, ווי א שעפ־בריגאַדע פונ דער אַרבעטער פונ דער אונטערנעמ׳נג איז געקומענ אינ פעלד, זי טרעפט דאָרטנ אנ אַלטיטשקנ פויער, וועלכער באַקלאָגט זיכ אפ זײַנ „דאָליע“. מיט הארצרײַסנדיקער בענקשאַפט דערמאָנט ער די אַמאָליקע צײַטנ, ווענ:

„אונ דאָס ביסל שטרוי איז דײַנע,
אונ די אָרעמע כוראָבע,
די כאַלופּע שוואַכ אונ קלײנ,
די טײַנע אפּנ שווערנ גורל
האָט אויכ געהערט צו דיר אלײנ“.

דאָס זײַנע פאַרנ ערשטנ אויגנבליק „שטילינקע“, „זיסינקע“ בענקשאַפט־טענער פונ אנ אַלטיטשקנ, וועלכער לעבט מיטנ „אַמאָל“, אידעאַליזירט זײַנ געוועזענע אָרעמקײַט אונ נויט. אָבער הערט זיכ צו, ווי ליפשיצ האָט אינ אַלטנס מאָנאָלאָג ארײַנגעלײגט „הונדערט־פּראָצענטיקע“ נעשאָמעדיקײַט, מיטפילנדיקנ ליריזם („די טײַנע אפּנ שווערנ גורל האָט אויכ געהערט צו דיר אלײנ“), אז עס איז אוממעגלעכ צו דערזענ אינ דעמ די נײַע פאַרמאַסקירטע טײַנעס פונ באַלעגופּ, וועלכער פאַרשטעלט זיכ דאָ מיט א נאַצדעמישנ לאָשנ.

אונ וואָס שטעלט ליפשיצ קעגנ דער „האַרציקער“ אָרעמקײַט פונ אַלטיטשקנ אינ אָוואַר? — דער עלטסטער אַרבעטער־בריגאַדיר ענטפערט דעמ אַלטיטשקנ מיט טאָלסטוייִשער פּאָפּאָווּשטשינע:

„— וויינ ניט, גרוייִנקער, ניט וויינ,
האָט שטיל דאנ, ווי צו זיכ אלײנ

צומ אלטנ אָנגערופנ לייבע.
— — — — — — — —
ערגעצ איז פאראנ א לעבנ.
אונ ס'ווערט לייבעס פלוצלונג הייסער.
ערגעצ איז פאראנ—דאָס ווייס ער
ביזוואנענ נאָר, ביז ווענ נאָכ שלעפנ
אָט דעמ ציטער אינ די אויגנ,
אָט די שטומעניש די שווערע.
אויב ערגעצ איז פאראנ א לעבנ
זאָל ער אונדזערער הייַנט ווערנ!"...

מיט וואָס שיידט זיכ אונטער דעמ אלטנס „טייַנע אפנ שווערנ גורל" פונ דעמ יונגנ „בריגאדירס" „ציטער אינ די אויגנ" אונ „שווערער שטומעניש", וואָס ליפשיצ לאָדט אימ אָנ?—מיט נאָרניט. דער גאנצער דיאַלאָג איז אנ אויסדריק פונ באלעגופישנ דרוק אפ ליפשיצנ.

אונ נאָכ איינ זאכ: די צוזאמענפאָרנ פונ די שלאָגלער-קאָלווירטניקעס, וועלכע קומענ איצט פאָר, שטרייַכנ אונטער מיט דער שטארקסטער פארביקייַט, אז דער אָרעמ-פויער, וואָס איז אריינ אינ קאָלווירט, לעבט איצט ווי א מיטל-פויער. בא ליפשיצנ איז אָבער נאָכ אלצ „ערגעצ איז פאראנ א לעבנ" אונ אפנ אָרט זעט מענ, הייסט עס, קיינ שפורנ ניט פונ דעמ.

עס איז נייטיק געווענ אָפצושטעלנ זיכ גענויער אפ ליפשיצעס ארויסטרעטונג, כאָטש די ליד איז ניט געווענ געדרוקט אונ ליפשיצ האָט אָנערקענט די פּאָליטישע שעדלעכקייַט פונ דער ליד, קעדיי צו וויַזנ, וויאַזוי די באלעגופישע אידעאָלאָגיע האָט זיכ דורכגעריסנ בא אזא דיכטער-קאָמיוניסט, ווי ליפשיצ. דאָס דארפ אונדז סיגנאליזירנ וועגנ דער נייטי-קייַט צו פירנ א סיסטעמאטישע פּאָליטיש-דערציִערישע ארבעט צווישנ אונדזערע שרייַבער-קאדרעג. דער אָרגקאָמיטעט אונ די ביוראָ פונ דער יידסעקציע דארפנ אָנהייבנ א פאר-טיפטע שעפערישע ארבעט, געבנ א מארקסיסטיש-לענינישע צוגרייטונג די שרייַבער, באקעמפנ די פרעמדע ווירקונגענ אפ די שרייַבער, די עלעמענטנ פונ גרופּירערייַ אונ באהעמשטשינע, נאציאָנאלע אָפגעגרענעצטקייַט, וועלכע שטערנ דער באָלשעוויזירונג אונ פראָלעטארישער אנטוויקלונג פונ די שרייַבער.

די באשטימונג פונ ביוראָ פונ צ.ק. אונ פרעזידיומ פונ צ.ק. ק.פ.(ב)וו. וועגנ די דורכרייַסנ אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט האָט געגעבנ א דירעקטיוו „דורכקאָנטראָלירנ די בוכ-אונ זשורנאל-פּראָדוקציע פארנ 1931, 1932, 1933 י. אזוי, אז עס זאָל אָפגעוואָרפנ ווערנ די פּאָליטיש-שעדלעכע קלאסנ-פייַנטלעכע בוכ- אונ זשורנאל-פּראָדוקציע". מיר האָבנ אפ דעמ געביט א גרויסע אונ פאראנטוואָרטלעכע ארבעט. דורכקוקנדיק אונטער דעמ צייכנ אונדזער בוכ- אונ זשורנאל-פּראָדוקציע פאר די דאָזיקע יאָרנ, שטויסנ מיר זיכ אָפט אָנ אפ פּאָליטיש-שעדלעכע מאָמענטנ, וועלכע זייַנענ אינגאנצנ פארשוויגנ געוואָרנ. דאָס איז אנ איבעריקער באווייַז, ווי אָפגעשוואכט עס איז געווענ די קלאסנ-וואכזאמקייַט פונ די פּאָליט-רעדאקטערס, קריטיקער אונ פארלעגער.

מיר וועלנ ברענגענ בלויז א פאָר מאָמענטנ פונ מאקס עריקס ביכל „שאָלעמ אש" (דערשינענ אינ 1931 י., אויסגאבע פונ יידסעקטער פונ דער ווייַסרוס. וויסנש. אקאדעמיע).

עריק רעדט וועגנ די פארהעלטענישנ פונ דער פארמילכאָמעדיקער יידישער ליטעראטור מיט דער ארבעטער-באוועגונג אונ אנטוויקלט דערבייַ אזא טעאָריע:

„די צאָלרײַכסטע אָרגאַניזאַציע פון די ייִדישע ארבעטער אין דעמראָזיקן פעריאָד איז דער „בונד". דער קריזיס, וואָס שלאָגט איבער דער מיטעלער און קלײנער אינדוסטריע, ווו עס איז דערהויפט געווען קאָנצענטרירט דער ייִדישער ארבעטער, די קאפיטאליזירונג פון דער האנטווערקערײַ און דאָס אָפשטארבן פון אירע אלטע פאָרמען, די ראדיקאליזירונג פון די מאסן אין דעם פעריאָד פון רעוואָליוציאָנערן אופשטײַג—דאָס אלץ פירט צו אין די רײען פון „בונד" גרויסע מאכנעס פראָלעטאריזירטע קלײנבירגערלעכע עלעמענטן, נעכטיקע האנטווערקער, הײַנטיקע פאבריק־ארבעטער, הײַנטיקע צערויִנירטע באלמעלאָכעס, ראדיקאַליזירטע קלײנבירגערלעכע אינטעליגענץ. ניט קײן וווּנדער, וואָס דער „בונד" פארפעסטיקט זיך אף מענשעוויסטישע פאָזיציעס, וואָס עס וואקסן אין אים די נאציאָנאליסטישע און סעפאראטיסטישע שטימונגען. דער „בונד" ווערט פארקלײנבירגערט" (אונטערגעשטראָכן פון מיר—א. ד.).

מיר האָבן דאָ פאר זיך צוויי פאָליטיש־שעדלעכע באהויפטונגען:

ערשטנס, אז דער „בונד" ווערט, לויט עריקן, ערשט שפעטער פארקלײנבירגערט און פארפעסטיקט זיך אף מענשעוויסטישע פאָזיציעס. ד. ה., אז ס'איז געווען א צײַט, ווען דער „בונד" איז געווען רעוואָליוציאָנער און ניט דורכגעדרונגען מיט נאציאָנאליסטישע און סעפאראטיסטישע שטימונגען. פארשטײט זיך, אז דאָס איז פאלש, דאָס איז אידעאליזאציע פון „בונד".

צווײטנס, ווארפט ארופ עריק די שולד פאר דעם „בונדס" קלײנבירגערלעכע, נאציאָנאליסטישע, מענשעוויסטישע פאָזיציעס אף די ארבעטער־מאסן, וואָס זײַנען געווען אין דער בונדישער פארטײ. דאָס האָבן זײ, די געוועזענע קלײנבירגערלעכע עלעמענטן, נעכטיקע האנטווערקער, פארפלײצט דעם פריִער־געוועזענעם „רעוואָליוציאָנערן" „בונד" און בעצוואונגען אים „אָפצוטרעטן" אף נאציאָנאליסטישע מענשעוויסטישע פאָזיציעס.

לעניג האָט אָבער אנדערש אָפגעשאצט די ראָלע פון „בונד":

„פארטײדיקנדיק דעם לאָזונג פון נאציאָנאלער קולטור,—האָט לעניג געשריבן,—בויענדיק אף אים א גאנצן פלאן און פראקטישע פראָגראם, די אזוי־גערופענע „נאציאָנאל־קולטורעלע אוטאָנאָמיע", טרעטן ארויס די בונדאָווצעס אף דער פראקטיק אלס דורכפירער פון בורזשואזן נאציאָנאליזם אין דער ארבעטער־סוויווע" (לעניג „קריטישע באמערקונגען וועגן דער נאציאָנאלער פראגע").

לעניג, ווי מיר זעען, רעדט וועגן „בונד", ווי וועגן אן אגענטור פון דער בורזשואזיע אין די רײען פון ארבעטער־קלאס. עריק אָבער פארשמירט דידאָזיקע ראָלע פון „בונד", ער רעדט וועגן „בונד" נאָר ווי וועגן אן אויסדריקער פון די אינטערעסן פון קלײנבירגערטום, וואָס איז פון זײַן זײַט געווען א רעזולטאט פון „פארגוואלטיקן" דעם „בונד" דורך די פראָלעטאריזירטע קלײנבירגערלעכע מאסן.

כ' עריק מאכט אין דעם טײל פון זײַן ביכל נאָך א גראָבן פאָליטישן פעלער. ער פארשרײַבט די ייִדישע ראדיקאל־דעמאָקראטישע און קלײנבירגערלעכע ליטעראטור אף דער קאָנטע פון „בונד". ער שרײַבט אזוי:

„אזוי קומען זיך צונויף די פראָנדירנדיקע קלײנבירגערלעכע שרײַבער, ייִדישע שרײַבער פון יענער טקופע—און דער „בונד". ארבעטער־באוועגונג, סאָציאַליזם, רעוואָליוציע—ווערט פאר די ייִדישע קלײנבירגערלעכ־ראדיקאלע שרײַבער פון יענער צײַט אידענטיפיצירט מיטן „בונד".

אינ א צווייטנ אָרט שרײַבט עריק דאָסזעלבע נאָכ בוילעטער:

„אינ אָט דעמ פּעריאָד ווערט פארפעסטיקט דער צוזאמענשלוס פונ די קלײנבירגערלעכ־פראָנדירנדיקע יידישע שרײַבער אונ יידישע ארבעטער — אפ דער באזע פונ פאר־קלײנבירגערלעכטנ, נאציאָנאליסטיש־געוואָרענעמ „בונד".

די אידעאליזאציע פונ „בונד" ווערט דאָ ארויסגעפירט אינ נאָכ א שטארקערער מאָס: דער „בונד" ווערט בא עריקנ דער סינאָנימ פונ די יידישע ארבעטער — די פארטיי פונ די יידישע ארבעטער. דער „בונד" איז בא עריקנ אינ אײנ אונ דערזעלבער צײַט דער סטימו־לירנדיקער שעפער סײַ פונ דער רעאקציאָנערער נאציאָנאליסטישער יידישער ליטעראטור, סײַ עונ די ראדיקאלע, דעמאָקראטישע טענדענצנ אינ דער יידישער ליטעראטור (ווײַסנבערג, קאסעל, מארשאק ד. אונ אנד.).

מיר האָבנ אויכ אינ דעמ טײל א פארקריפלונג פונ דער לענינישער אָפּשאצונג וועגנ די דעמאָקראטישע אונ בורזשואזע עלעמענטנ אינ דער קולטור. לויט לענינען, ווערנ זיי אומפארמײַדלעכ געבוירנ דורכ דער אידעאָלאָגיע (וועלכע ווערט פונ איר זײַט געבוירנ פונ די לעבנ־באדינגונגענ) פונ ארבעטנדיקע אונ עקספּלואטירטע (דעמאָקראטישע עלעמענטנ), אונ דער בורזשואזיע (בורזשואזע עלעמענטנ). דער „בונד" — די אגענטור פונ די יידישע ראבאָנימ אונ בורזשואזיע — האָט ניט געקענט זײַנ דער שעפער פונ די דעמאָקראטישע עלעמענטנ אינ דער יידישער ליטעראטור.

אזוינע דורכפאַלנ האָבנ מיר אויכ אינ דער ליטעראטור פאר דער שול. מיר האָבנ ווייניק אכט געלײגט, אז דער לערנבוכ, באזונדערס די ליטעראטור־כרעסטאָמאטיע, זאָל זײַנ דורכגעדרונגענ מיט די פּרינציפּנ פונ אינטערנאציאָנאליזמ. ארויסגײענדיק פונ דעמ, איז פּאָליטיש שעדלעכ צו באנוצנ די אטריבוטנ, וואָס שטאמענ פונ שאָוויניסטישנ לעקסיקאָנ אונ שטערנ דער אינטערנאציאָנאלער קאָמוניסטישער דערציִונג.

ארויסטרעטונגענ פונ בורזשואז־נאציאָנאליסטישנ כאראקטער, פונ נאציאָנאלער באגרע־נעצטקײַט, פארדעקנדיק זיכ מיט א פאלש־נאציאָנאלער פאָנ, האָבנ מיר אויכ געהאט אפ אנדערע געביטנ פונ דער קולטור־ארבעט, באזונדערס אינ דער שול, טעכניקומ, הויכשול (שולנ אינ מינסק אונ ריַאָנ, לאנדווירטשאפטלעכער טעכניקומ אינ קוראסאָווטשינע יידישע סעקטאָרנ פונ דער קאָמוניסטישער לאנדוו. הויכשול, פּעד־אינסטיטוט אונ אנד.).

אײנע פונ די בוילעטסטע פארקריפלונגענ פונ דער לענינישער נאצפּאָליטיק אינ וו.ס.ס.ר. איז געווענ דער פאקט מיטנ לערער סצעפּורא, וועגנ וואָס עס האָט סיגנאליזירט די „פּראוודא". דאָס איז א רעזולטאט פונ דורכפירנ אינ א ריי ערטער די צוואנג־ווײַסרוסיזאציע, פארבאָטנדיק צו באנוצנ אויכ אינ פּריוואטנ לעבנ די רוסישע שפּראכ. דערדאָזיקער פאקט דארפ אונדז שטויסנ צו אופדעקנ די דערשײַנונגענ פונ צוואנג־יידישיזאציע. אז יידישע בורזשואזע נאציאָנאליסטנ האָבנ אפ אנ ענלעכנ בורזשואזנ אופנ באמיט זיכ דורכפירנ די לענינישע נאצפּאָליטיק אינ באצוג צו יידיש, קענענ מיר זענ פונ פאָלגנדיקנ פאקט: אינ יידישנ אָפּטייל פונ פּעד־אינסטיטוט האָט דער פארוואלטער געפאָדערט פונ די סטודענטנ, אז זיי זאָלנ לײענענ די ווערק פונ גאָרקי אונ אנד. רוסישע אונ ווײַסרוסישע שרײַבער נאָר אינ דער יידישער איבערזעצונג. ווענ א סטודענט האָט דערווידערט קעגנ דעמ, איז אימ צוגעשריבנ געוואָרנ אנ אָפּנייג פונ גרויסהערשערישנ שאָוויניזמ.

עס וואָלט אָבער א טאָעס געווענ צו מײנענ, אז מיר האָבנ בלויז דורכפאַלנ אפנ געביט פונ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג. דאפקע די קאָלאָסאלע דערפאָלגנ אינ דער נאצ־ארבעט, דער וווקס פונ דער נאצקולטור אונ נאצקאדרענ, האָבנ ארויסגערופנ דעמ פאר־

שארפטן ווידערשטאנד פון אָרטיקן נאציָאנאליזם, פון די נאצדעמען און בורזשואזע נאציָאנאליסטן. זיי ווילן אָפּהאלטן דעם ווּקס פון דעם פּראָלעטארישן אינהאלט פון די נאציָאנאלע קולטורן, דאָס פארווירקלעכן די גרונט־אופגאבעס פון דער קאָמוניסטישער פּראָגראם, „דאָס דערנעענטערן די פּראָלעטאריער און האלב־פּראָלעטאריער פון די פארשיידענע נאציָאנאליטעטן פארן געמיינזאמען רעוואָליוציָאנערן קאמפּ“ (פון דער פּראָגראם אל.ק.פּ.(ב).

דידאָזיקע שטרעבונגען פון די בורזשואז־באלעגופישע נאציָאנאליסטן צו שטערן דער אינטערנאציָאנאלער פּראָלעטארישער סאָלידאריטעט, דארפן מיר קעגנשטעלן א פארטיפטע דערציִונג־ארבעט אין גייסט פון לענינישן אינטערנאציָאנאליזם. מיר דארפן געדענקען די ווערטער פון כ׳ סטאלין אפן 16־טן פארטיי־צוזאמענפאָר:

„וואָס איז אזוינס נאציָאנאלע קולטור בא דער הערשאפט פון דער נאציָאנאלער בורזשואזיע? א בורזשואזע לויטן אינהאלט און א נאציָאנאלע לויט דער פאָרם קולטור, וואָס האָט דעם ציל אָפּסאמען די מאסן מיטן גיפט פון נאציָאנאליזם און פארשטארקן די הערשאפט פון דער בורזשואזיע. וואָס איז אזוינס די נאציָאנאלע קולטור פון דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט? א סאָציאליסטישע לויטן אינהאלט און א נאציָאנאלע לויט דער פאָרם קולטור, וואָס האָט דעם ציל צו דערציִען די מאסן אין גייסט פון אינטערנאציָאנאליזם און פארפעסטיקן די פּראָלעטארישע דיקטאטור“.

די יידישע סאָוועטישע שרייבער דארפן שטרעבן צו דערגרייכן נייע הויכן אין דער ליטעראטור—א נאציָאנאלע לויט דער פאָרם און א סאָציאליסטישע לויטן אינהאלט, געדענקענדיק, אז דער בורזשואזער נאציָאנאליזם דינט דער אינטערווענץ קעגן דער סאָוועטנמעלוכע, און דער פּראָלעטארישער אינטערנאציָאנאליזם העלפט דעם זיג פון סאָציאליזם.

אונדזער פאראנטוואָרטלעכקייט איז א טאָפּלטע, נעמענדיק אין אכט, אז מיר זיינען א פאָרפּאָסט אפן גרענעץ מיט דער קאפּיטאליסטישער וועלט. די לאגע פאָדערט פון אונדז א באזונדער קלאסן־וואכזאמקייט, באָלשעוויסטישע פארהארטעוועטקייט אין פארווירקלעכן די לענינישע פּרינציפּן אין אונדזער גאנצער ארבעט. דידאָזיקע פעסטע דירעקטיוו האָט ארויסגעשטעלט פאר אלע פארטייִשע אָרגאניזאציעס, פאר יעדן קאָמוניסט דער פאריניקסטער פּלענום, אָנווייזנדיק:

„דאָס, וואָס ווייסרוסלאנד ליגט באם גרענעץ, פארפליכטעט די גאנצע ק.פּ.(ב)וו. צו פירן א מוסטערהאפטע ארבעט, סיי אין געביט פון דער אלגעמיינער סאָציאליסטישער בויונג, סיי אינעם דורכפירן די נאציָאנאלע פּאָליטיק פון דער פארטיי“.

איַיזיק פלאטנער

# פראָלעטפּען-מיט באַנייַטע קויכעס.

„סיגנאל“, צײַטשריפט פאר פראָלעטארישער ליטעראטור און קריטיק, ארויסגעגעבנ פונ „פראָלעטפענ“ (פראָלעטארישע שרײַבער-אָרגאניזאציע אינ אמעריקע).

שוינ מיט א צײַט פריִער, איידער ס'איז דערשינענ דער ערשטער נומער „סיגנאל“, האָט זיכ באמערקט א ווידער-אופלעבונג פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור אפ די שפאלטנ פונ דער „מאָרגנ-פרײַהײַט“, און אינ „האמער“. די באנײַונג פונ די ליט.-זײַטלעכ אינ דער „מאָרגנ-פרײַהײַט“, די נײַע נעמענ פונ די כאווײרים, וואָס האָבנ זיכ גענומענ באשעפטיקנ מיט ליטעראטור-פראָבלעמעס, די שטרעבונג אינ זשורנאל „האמער“ צו געבנ וואָגיקע ליטעראַרישע ארבעטנ, אָונטנ און ארויסטרעטונגענ פונ „פראָלעטפענ“ האָבנ בוילעט באוויזנ, אז די ליטערארישע ניט גענוגנדיקע פארינטערעסירטקײַט, וואָס עס האָבנ ארויסגעוויזנ א טייל כאווײרים אינ אמעריקע צו דער פראָלעטארישער ליטעראטור, איז פארשוווּנדנ געוואָרנ. דער באשלוס פונ פלענום פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב) פונ 23-טנ אפרעל 1932 י. וועגנ איבערבויענ די סאָוועטישע שרײַבער-אָרגאניזאציעס, דאָס אונטערשטרײַכנ נאָכאמאָל פונ דער פארטיי די וויכטיקײַט פונ דער ליטעראטור פארנ סאָציאַליסטישנ אופבוי, דער לאָזונג פאר מאגניטבויענ אינ דער ליטעראטור, האָט געהאט אנ אנטשיידנדיקע באדײַטונג אויכ פאר אונדזערע פראָלעטארישע שרײַבער-אָרגאניזאציעס אינ אויסלאנד, ספּעציעל פאר אונדזערע כאווײרים אינ אמעריקע.

די פראָלעטארישע ליטעראטור אינ אמעריקע שמידט זיכ אויס אינ קאמפ אפ צוויי פראָנטנ: פונ איינ זײַט דארפ די פראָלעטארישע ליטעראטור גיוווער זײַנ און באקעמפנ די שעדלעכע „לינקיסטישע טעאָריע“, אז קונסט זאָלנ שרײַבנ יענע — די בורזשואזע עסטעטנ, מיר דארפנ פאמפלעטנ און רעפּאָרטאזש, פונ דער צווייטער זײַט דארפ זי פירנ א קעסיי-דערדיקנ קאמפ קעגנ די בורזשואזע ווירקונגענ פונ דער „פרײַער קונסט-באוועגונג“ — לאָזט אונדז שאפנ ווי פרײַע קינסטלער. דידאָזיקע שעדלעכע „טעאָריעס“ פלעגנ זיכ צײַטנווײַז לאָזנ פילנ אינ דער פראָלעטפענישער באוועגונג גופע.

איינע האָבנ ניט פארשטאנענ, האָבנ ניט דערשאצט די ווערט פונ דער קינסטלערישער ליטעראטור פארנ קלאסנקאמפ. די צווייטע האָבנ געפרווט ארײַנשלעפנ אינ „פראָלעטפענ“ ש. ניגערס אידייענ, אז דער „עמעסער“ קינסטלער קאָנ זיכ ניט לאָזנ „פארשקלאפנ“ פונ דער פארטיי.

בא א ניט גענוגנדיקער בוילעטער און פארצווײַגטער מארקסיסטישער קריטיק, וואָס זאָל פירנ סײַ די מיטלויפער, סײַ די פראָלעטארישע שרײַבער, וואָס זײַנענ אויסגעוואקסנ

פונ די אייגענע רייענ, איז דערדאָזיקער קאמפ געווענ פארשווערט. ניט געגוג פארשארפט איז געווענ דער קאמפ פאר געפינענ דעם וועג פונ שאפנ אזא קינסטלערישע ליטעראטור, וואָס זאָל אָפשפיגלענ די פארשארפטע קלאסנקאמפנ אינ אמעריקע, ניט נאָר בלויז דורכ פלאקאטנ־לידער את דעמאָנסטראציע־פארצייכענונגענ, נאָר דורכ פארטיפטע קינסטלערישע געשטאלטנ אונ אידייִש־אָנגעזעטיקטע, רעאליסטישע קאמפ־ליטעראטור. אפ דעמדאָזיקנ וועג איז די ייִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור אינ אמעריקע ארופגעטראָטנ.

---

כאָטש דער ליטעראריִשער אונ קריטישער מאטעריאל אינעם ערשטנ נומער „סיגנאל" איז נאָכ ניט אזא קינסטלעריש־רײַכער, באמערקט זיכ אָבער דאָרטנ די זייער וויכטיקע דערשײַנונג, וואָס הער מאטעריאל איז ניט בלויז פונ די ייִנגערע „פראָלעטפענ"־שרײַבער", ווי עס איז געווענ אינ די פריִערדיקע זאמלונגענ — „יונג־קוזניע" „יוגנט", „יוניאָנ־סקווער", נאָר אינעם נומער „סיגנאל" באטייליקט זיכ די גאנצע רעוואָליוציאָנערע באווע־

פרייז — פינף סענט.

SIGNAL

# סיגנאל

צייטשריפט פאר פראָלעטארישער ליטעראטור און קריטיק ארויסגעגעבן פון „פראָלעטפען

1, No. 1 MARCH 1, 1933, New York N.Y. 6 Cts

גונג. די באגריסונגענ פונ דער „מאָרגנ־פרײַהײַט", פונעמ אינטערנאציאָנאלנ ארבעטער: אָרדנ, פונ דער רויטער פראָפבאוועגונג, פונ די אינטערנאציאָנאלע פראָלעטארישע שרײַבער אָרגאניזאציעס, מונטערנ אופ, עס באמערקט זיך גלײַכ דער נײַער ווארעמער שטראָמ, וואָס שלאָגט אינ דער פראָלעטארישער שרײַבער־באוועגונג פונ אמעריקע; דאָס איז די ברייטע רעוואָליוציאָנערע געזעלשאפטלעכקײַט, וואָס האָט זיכ געשטעלט אינדערשפיצ פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור, דאָס איז דאָס וואכזאמע אויג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, וואָס וועט ניט דערלאָזנ, אז קיינ איינ טייל אפילע אינ אונדזער פראָלעטארישער באווע־גונג זאָל ניט זײַנ קעמפעריש־אקטיוו.

די אפאטיע־שטימונגענ פונ אייניקע ניויאָרקער פארטיי־כאווירים, די קאלטע באציִונג מיצאד אייניקע מיטארבעטער פונ דער „מאָרגנ־פרײַהײַט", אז „זאָלנ זיכ אנדערע אָפגעבנ מיט ליטעראטור, איכ האָב קיינ געדולד ניט פאר דעמ"—אָט די באציִונג, באמערקט זיכ, איז שוינ מער ניטאָ. די פראָלעטארישע ליטעראטור איז געוואָרנ אנ איניענ פאר דער גאנצער רעוואָליוציאָנערער געזעלשאפטלעכקײַט.

---

איבער דער לענג און ברייט פון אמעריקע גייען די מאכנעס ארבעטלאָזע, קלינגען ד לידער אין קאמפ־רופן פון די הונגער־מארשירער. זיי קומען אָן פון די קוילן־שאכטעס, פון די אײַזן־פאבריקן. אין די שטעט פון יִדישע ארבעטער־צענטרען וואכן אוף די עקספלואטירטע שנײַדער, שוסטער און אנדערע ארבעטער. דער פארשארפטער קריזיס אין לאנד, די לעצטע צעשטערטע פעסטונג—דאָס פאלן פון מעכטיקן דאָלער, וועלכן ס'האָט ניט געקאָנט ראטעווען די נײַע „דעמאָקראטישע" רעגירונג פון פרעזידענט רוזוועלט, הויבט אוף נײַע מאסן צום קאמפ. א נײַער רעוואָליוציאָנערער טיפ ווערט געבאָרן אין פײַער פון קאמפ. אין די טיפענישן פון מאסן־לעבן שפילן זיך אָפּ אינטערעסאנטע, מוירעדיקע, דערשיטערנדיקע סצענעס. עס בויט זיך איבער די פסיכאָלאָגיע פון א מאסע. דאָס אלץ איז א וווּנדערלעכער שטאָף פארן פראָלעטארישן שרײַבער. עס איז גענוג בלויז צו נעמען דאָס נעגער וויג־ליד פון סאָרע בארקאן—„מײַן קונקי איז בערויגעזי" פון ערשטן נומער „סיגנאל", און זען ווי אופריכטיק פראָסט און רעוואָליוציאָנער־ווירקנדיק עס קען זײַן דאָס פראָלעטארישע ליד אין אמעריקע. אזא ליד זאָגט מער, ווי די גרויסע שרײַענדיקע דעקלאַראציעס, וועגן „זייער עסטעטישן דאלעס".

אָבער צוזאמען דערמיט דארפן מיר באצייכענען, אז אין ערשטן נומער „סיגנאל" זײַנען נאָך פאראן איניקע ניט גענוג דײַטלעכע שטעלונגען, זײַנען נאָך פאראן אייניקע פעלער־האפטע ערטער.

צום בײַשפיל, ריידנדיק אין לייטארטיקל וועגן דעם, אז די יִדישע פראָלעטארישע ליטעראטור אין אמעריקע קומט ניט מיט פוסטע הענט, אז זי פארמאָגט איר געשיכטע, אירע קלאסיקער, איר ירושע, ווערט דאָ אָבער ערגעץ ניט באצייכנט די אופגאבע פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור־קריטיק איבערצוארבעטן און אויסנוצן אויך די קולטור־ווערטן, וואָס זײַנען אָנגעזאמלט געוואָרן פריִער דורך דער בורזשואזער קולטור. דאקעגן, אין דעם לייטארטיקל ווערט געמאכט עטוואָס א וווּלגאריזירטע צעטיילונג פון אונדזער ירושע און „זייער" ירושע, וואָס קאָן באטײַטן, אז מיר גיבן אָפּ אזעלכע קלאסיקער פון דער יִדישער ליטעראטור, ווי שאָלעם אלייכעם, פערעץ, מענדעלע אין רעשוס פון די סאָציאַל־פאשיסטן, יִדישיסטן, דעם „פאָרווערטס" און זײַן קאָמפאניע:—נאט אײַך „אײַער ירושע" און טראָגט זיך דערמיט. אזא „לינקיסטישער" ראדיקאליזם באטײַט אינדערעמעסן (ווען מע דערפירט עס ביזן סאָף) קאפיטוליאציע.

אין דעמזעלביקן לייטארטיקל איז ניט גענוי און פינקטלעך פאָרמולירט דער קלאסנקאמפ אפן ליטעראַרישן פראָנט. די הײַנטצײַטיקע בורזשואזע ליטעראטור ווערט כאראקטעריזירט בלויז, ווי א יוירעד, ווי „א פוסטעפאסנער פריצישער זינדל, וואָס צעפאטערט די אויצרעס, וואָס דוירעס האָבן פאר אים אָנגעזאמלט". עס איז ניט אונטערגעשטראָכן, אז דאָ האָבן מיר צו טאָן ניט נאָר מיט פארשווענדער פון קולטור־אויצרעס, נאָר מיט קלאסנסאָנים. עס איז ניט אונטערגעשטראָכן די אגרעסיווקײַט פון דער איצטיקער בורזשואזער און סאָציאַל־פאשיסטישער ליטעראטור, וואָס שטעלט זיך צו דינסט די הענקער פון פּראָלעטאריאט. שילדערן דעם קלאסנקאמפ אפן ליטעראַרישן פראָנט בלויז, ווי קאמפ קעגן בורזשואזן וואנדאליזם אין באצוג צו „אירע אייגענע" קולטור־אויצרעס — דאָס באטײַט פארשמעלערן ביז גאָר די אופגאבן פון קלאסנקאמפ.

---

ארומגערינגלט פונ קלאסנ־סאָנים, פונ א מעכטיקער פאשיסטישער פרעסע, פונ א שעדלעכ־ווירקנדיקער אידעאָלאָגיע פונ קלייִנבירגערלעכע שרײַבער, קומט אויס דעם „פּראָלעטפענ“ דורכצומאכנ א הארבנ קאמפ־וועג. זיכ דערשלאָגנ צו די מויכעס אויכ פונ די טויזנטער ארבעטער־לייענער, וואָס זײַנעג דערוויײַל באווירקט פונעם „פאָרווערטס“ בינטל־בריוו, פונעם „טאָג“ס ציִעניסטישקײַט, פונ דער ייִדישיסטישער „דעמאָקראטיע“, פונ אייב קאהאנס אמעראצעס, פונ זשימלאָווסקעס פילאָסאָפישע קוואטשערײַענ, פונ לײגיקס טויטנדיקנ אומעט.

אינ „פּראָלעטפענ“ איז אָבער פאראנ דער געזונטער קערנ פונ פּראָלעטארישקײַט, וואָס וואָרצלט אינ די טיפענישנ פונ ארבעטער־לעבנ. די כאוויירים פונ „פּראָלעטפענ“ האָבנ שוינ ארומ זיכ א פארצווײַגטע רעוואָליוציאָנערע באוועגונג, וואָס דארפ זיי אונ וועט זיי דערמוטיקנ אינ שאפנ עמעסע קונסטווערק. די טויזנטער מיטגלידער פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, די פיל טויזנטער מיטגלידער פונ אינטערנאציאָנאלנ ארבעטער־אָרדנ, די רעוואָליר ציִאָנערע יוגנט, די פּיִאָנערנ־באוועגונג, די רויטע פּראָפּפארייִנענ, די קאָמוניסטישע פרעסע אונ באזונדערס די „מאָרגנ־פרײַהײַט“, וואָס האָט סאָפקאָלסאָפּ אויסגעהאָדעוועט דעם „פּראָלעטפענ“, דאָס אלצ איז א גענוגנדיקע גאראנטיע פאר דער ווײַטערדיקער פולבלוטיקער קינסטלערישער ארבעט פונ די „פּראָלעטפענ“־כאוויירים.

דער „סיגנאל“ איז געקומענ ווי אנ אויסדריק פונעם אָנגעוואקסענעמ מאסנ־פארלאנג פאר עכטער פּראָלעטארישער ליטעראטור, ווי א מאסנ־פּראָטעסט קעגנ דער שונדישער ליטעראטור פונ „פאָרווערטס“ אונ אומקומ-ליטעראטור פונ „ייִדיש“. פונ אלע זײַטנ שטראָמט אינ אמעריקע דער נײַער רעוואָליוציאָנערער שטייגער, מיט דער פארשארפונג פונ די קלאסנ־סטירעס וואקסנ דאָרט אויס נײַע פּראָבלעמעס. די פּילע פּרוונ, וואָס אייניקע כאוויירים פונ „פּראָלעטפענ“ האָבנ שוינ געמאכט ביזנ „סיגנאל“: כאווער פאווערס גלענצנדיקע דראמע וועגנ לינטשערײַ, טשערנערס דראמע „אינ רויש פונ מאשינענ“, וואָס דער „ארטעף“ האָט דורכגעפירט מיט דערפאָלג, די לידער פונ מארטינ בירנבוימ אונ ב. פרידמאנ, די נײַע דערציילונג פונעם טאלאנטפולנ דיכטער דעמ זאפטיקנ לייב סאָברינ, די נײַע טאלאנטירטע דיכטער, וואָס קומענ צו, אזעלכע ווי מ. א. סול א. אגד. באזײַזנ בוילעט, אז דער „פּראָלעטפענ“—אינ זײַנ ייִנגערנ באשטאנד, אָפּגערעדט שוינ פונ אזעלכע קינסטלערישע גרויסנ ווי מ. נאדיר אונ א. ראבאָי (וואָס איז צוריקגעקומענ אינ דער „מאָרגנ־פרײַהײַט“)—דאָס אלצ באווײַזט, אז דער „פּראָלעטפענ“ דערנעענטערט זיכ צומ רעוואָליוציאָנערנ רעאליזמ, צו די שעפערישע וועגנ, וואָס עס האָט אָנגעוויזנ דער פּלענומ פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב).

דער ערשטער נומער „סיגנאל“, וואָס האָט נאָכ באשטימטע פעלערנ, דארפ, אָבער, פארצייכנט ווערנ ווי א דערגרייכונג אינ דער פּראָלעטארישער ליטעראטור אינ אמעריקע. עס איז נאָכ פרי צו מאכנ אָפּשאצונגענ פונעם ערשטנ נומער. קלאָר, אז א רײ כאוויירים פונ „פּראָלעטפענ“ האָבנ זיכ נאָכ ניט באפרײַט פונ אסאכ באלאסטנ, וואָס זיי טראָגנ אפ זיכ ווי א ירושע פונ פארשיידענע קלייִנבירגערלעכע ריכטונגענ אינ דער ייִדישער ליטעראטור אינ אמעריקע. סימאָנימ פונ „אינזיכיזמ“, סכעמאטישקײַט, עס פעלט נאָכ ברייטער קינסטלערישער אָטעמ, עס פעלט דער לעבעדיקער ארבעטער אונ זײַנ קאמפ־סוויווע. עס פעלט— דער איקער—א מארקסיסטישע קריטישע ארבעט. אָבער די ווארעמקײַט, דער גוואלדיקער אינטערעס פונ דער רעוואָליוציאָנערער געזעלשאפטלעכקײַט צו דעמ נײַעמ אָנהײב, וואָס דער „פּראָלעטפענ“ האָט געמאכט, ווי אויכ אייניקע געלונגענע זאכנ, וואָס זײַנענ אינ אימ אָפּגעדרוקט, גאראנטירנ דורכויס, אז די ארבעט וועט זיכ ווײַטער אנטוויקלענ סײַ אידעאָלאָגיש, סײַ קינסטלעריש, סײַ אפנ געביט פונ קריטיק.

באוואָפנט מיטן רעוואָליוציאָנערן ענטוזיאַזם פון דער אמעריקאנער קאָמוניסטישער באוועגונג, מיט דער פולער אונטערשטיצונג און זאָרגעוודיקײַט פון דער קאָמוניסטישער פרעסע און די פירנדיקע כאווײרים אין אמעריקע, וועט דער „סיגנאל" וואקסן אידייִש און קינסטלעריש, וועט טראָגן הויך די פאָן פון דער קלאסן־קעמפערישער רעוואָליוציאָנערער קונסט קעגן אלע סאָנים פון ארבעטער־קלאס.

די סאָוועטישע שרײַבער נעמען אוף דעם ערשטן נומער „סיגנאל" ווי אן אָנזאָג פון א באַנײַטער שעפעריִשער ארבעט פון די פראָלעטפען־כאווײרים אין אמעריקע. מיט זייער באָלשעוויסטישער לענינישער דערפארונג און מיט זייער קינסטלערישער ארבעט, וועלן די סאָוועטישע שרײַבער אלזײַטיק אונטערשטיצן דעם „סיגנאל" ווי אן אייגענעם, א נאָענטן כאווערישן מיטקעמפער פאר דער גרויסער קונסט פון באָלשעוויזם.

א. דאמעסעק

# ליטעראַרישע שונד צו דינסט דעם פאַשיזם

א ליטעראַרישע „געשעעניש“ האָט איצט אופגערודערט די ליטעראַרישע טינטערס פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין פוילן און אמעריקע. דאָס איז דער „נײַער ראָמאַן „יאָשע קאַלב“ פון י. י. זינגער, וואָס האָט זיך צוערשט געדרוקט אין פאָרזעצונגען אפן אָרט פון די באַרימטע שונד־ראָמאַנען אין די ייִדישע צײַטונגען אָפּ ביידע זײַטן יאַם („הײַנט“, „פאָרווערטס“), דערשינען אין א בוך־פאָרם פון אווטער גופע (דער אווטער האָט אָפּגעשאַצט זײַן סכוירע, אז עס לוינט אים ניט קיין שותפים), באַאַרבעט געוואָרן פאַר דער בינע פון מאָריס שוואַרץ־טעאַטער. וואָס פאַר א געריכטן דער מעכאַבער קלײַבט זיך נאָך מאַכן פון דעם ראָמאַן, ווייסן מיר ניט.

י. י. זינגער האָט, ווי באַוווּסט, א לענגערע צײַט „פּרינציפּיעל“ געשוויגן אַלס ליטעראַטער צוליב דעם איניקן מיטן אופדעקן זײַן שונדישע מיטאַרבעט אין „פאָרווערטס“ אין דער פאָרם פון פאָרנאָגראַפישע קאָרעספּאָנדענציעס, מײַסעס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, באַפּפּערס, באַזאַלצט, ווי דאָס האָט געפאָדערט די „פאָרווערטס“־יִסטישע שאַנד־הײַזל־זינגער איז דאַן אינקאַעס געוואָרן אָפּ דער קאָמוניסטישער „מאָרגן־פרײַהײַט“, וואָס מישט זיך אין זײַנע „פּערזענלעכע“ געשעפטן, דעקט אופּ זײַנע פסעוודאָנימען און האָט מײַסע־מענטש מיט ווירדע געמאָלן, אז ער קלײַבט זיך אריבער אינגאַנצן צו יאַנקל שאַפּשאָוויטשן אין „פאָרווערטס“ און וועט ליפערן בלויז פאַר אים זײַנע „ליטעראַרישע“ לייסטונגען.

צי דאַרף מען נאָך זאָגן, אז די יאָרנלאַנגע מיטאַרבעט פון זינגערן אין „פאָרווערטס“ האָט אים פאַרוואַנדלט אין א רוטיניִרטן שונדיסט מיט ליטעראַרישע אַספּיראַציעס, און אז דער איצטיקער ראָמאַן זײַנער איז ווערט דעם אָרט, וווּ דער ראָמאַן האָט זיך געדרוקט אין כאַדאָשים־לאַנגע פאָרזעצונגען, איבערײַסנדיק אַלע טאָג אפן שפּאַנענדיקסטן אָרט...

דאָך פאַרדינט דאָס ווערק א ברייטערע אָפּהאַנדלונג, ווײַל... דאָס איז שונד „אָפּ א העכערער שטופע“, שונד צו דינסט דעם פאַשיזם.

דער ראָמאַן „יאָשע קאַלב“ אנטהאַלט: א כאַסענע פון צוויי 14־יאָריקע קינדער, א כאַסענע פון א 65־יאָריקן זאָקן, וועלכער האָט שוין געהאַט 3 ווײַבער, מיט א בסולע, א כאַסענע פון א שטומער אידיאָטישער מויד מיט עפּעס א צאַדיק א „ניסטער“.

אין דעם: דרײַ ליבעס, ווען איינע צאַד איז פאַרקאָכט, דער צווייטער—גלײַכגילטיק, איינע פאַרבאָרגענע ליבע צווישן צוויי פאַרהייראַטע, ווען ביידע גייען אויס ווי ליכט א.א.וו. א.א.וו.

דאָס איז, אזוי צו זאָגן, די סענסאַציאָנעלע קאַנווע פון ראָמאַן. אין אַלע פאַלן ווערט די האַנדלונג דערפירט ביז די סאַמע פאַרשאַרפטע סעקסועלע גרענעגלעניש. דער

אווטער דרינגט אַרײַן אין די געהיימנישן פון די שלאָפצימערן, נעמט איבער די שמועסן אין שפּירונגען פון מאַן און ווײַב, דערפירט זײַנע העלדן ביז די סאַמע „נאַטוראַליסטישע" סיטואַציעס:

— ווען דו האָסט ניט אזא גרויסע באָרד,—האָט זי אים געזאָגט,—וואָלסטו נאָך געווען גאַנץ יונג...

— איך בין נאָך, געלויבט דער אויבערשטער, א באַלקויעך. זאָגט איר, דער בסולע, אז זי וועט נאָך האָבן אימירצעהאשעם באָנים זכאָרים.

א גאַנצער קאַפּיטל פון עטלעכע צענדליק זײַטן שילדערט, וויאַזוי א רעבײַשער הויפגייט כאָדעראָם, אַרבעט אין אײַסעק אַף צונויפפאָרן די צוויי 14־יאָריקע מאַן און ווײַב, און צום סאָף געשעט עס מיט גליק: „נאָך די ערשטע טעג קינדערשע דערשראָקנקײַט האָט ער זיך פלוצלונג אַרויסגעוויזן פאַר א מאַן". סערעלע דעם רעבנס טאָכטער האָט „מיט שטאַרקע פאַרבן אין קאַלטן פּאָנעם דערציילט אַלץ פּאָשעט פאַר איר טאַטן"...

ערטערווײַז דערגייט עס מאַמעש צו קוואַליפיצירטער פאַרליטעראַטעווועטער שונד־טעכניק: „סערעלע האָט אַף נאָכימטשען געוואַרט, באַנגערט. אָבער אין איר וואַרטן, באַגערן איז ניט געווען גאָרניט קיין מוירעדיקס, אומדערוואַרטעטעס, סוידעסדיקס, ציטערדיקס, וואָס ציט אזוי צו איבערהויפּט עמפּפינדלעכע יינגלעך אין דער ערשטער אופוואַכנדיקער רײַפקײַט. עס איז בלויז געווען דאָס שטומע וואַרטן פון א זי, דאָס געדולדיקע וואַרטן פון א באַשעפעניש אין זײַן רײַפקײַט, דער קאַלטער דראַנג פון א פיש, וואָס יאָגט אין די וואַסערן, קעדיי אויסצושפּײַען די רויגן".

דאָ איז פאַרייניקט זינגערס ראַפינירטע באַקאַנטשאַפט מיט די כאַראַקטערס און געשמאַקן פון „עמפּפינדלעכע יינגלעך" אין די סענסאַציאָנעלע שונד־ראָמאַנען מיט דער רוטינירטקײַט פון א שרײַבער, וואָס ווייס צו געפינען פאַר דעם דאָס צוגעפּאַסטע בילד, עס זאָל זײַן אי „ליטעראַריש", אי אַרויסרופן די געהעריקע עראָטיש־לײַדנשאַפטלעכע פאָרשטעלונגען.

דאָס איז דער שונד־עלעמענט אינעם ראָמאַן. ער שיידט זיך אונטער פונעם געוויינלעכן וואולגאַרן שונד אין די בורזשואַזע צײַטונגען מיט דעם, וואָס ער איז פאַרליטעראַרישט. זינגער האָט מיט דעם אויסגעפילט די סאָציאַלע באַשטעלונג פון דער בורזשואַזיע, וועלכע צילט מיטן שונד, באַזונדערס אין צײַטן פון רעאַקציע (דערמאָנט זיך „סאַנינ"), צו וועקן די פיזיאָלאָגישע אינסטינקטן פון די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטנדיקע און אָפּטעמפּן אין זיי יעדן געפיל פון אומצופרידנקײַט, רעוואָלוציאָנערישקײַט און פּראָטעסט קעגן דער הערשנדיקער אָרדענונג. דער ליטעראַרישער שונד איז אויסגערעכנט צו פאַנגען א ברייטערן קרײַז לייענער.

די שונד אין זינגערס ראָמאַן איז אָבער נאָר א פאָרם אַף אַנטוויקלען אן „ערנסטן" אינהאַלט. און דער אינהאַלט פון „יאָשע קאַלב" איז דאָס מאָדערנע איצט אין דער פאַשיסטישער וועלט, אין זײַן נאַציאָנאַל־פאַשיסטישן פליגל.

פאַר דעם וועלט־אימפּעריאַליזם און פאַר זײַן שוואַכסטן רינג—דעם פּוילישן פאַשיזם—איז איצט, ווי א געשפּענסט—די פאַרשטאַרקטע רעוואָלוציאָניזירונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, די אַקטיווע אַרויסטרעטונגען פון די מיליאָנען אַרבעטער, אַרבעטלאָזע און אָרעם־מיטל־פּויערים אין אָפענעם קאַמף קעגן דער בורזשואַז־פּריצישער אונטערדריקונג, די קאָלאָסאַלע ווירקונג פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען און פון דעם סאָוועטנפאַרבאַנד אַף דעם באַוווּסטזײַן פון פּראָלעטאַריאַט און האָרעפּאַשנעם מענטשן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, די מוירע פאַרן אויסברוך פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אָפּשוואַכן די דראָזיקע אַקטיווי־

זירונג, דעמ וואקסנדיקנ פויסט פונ די ארבעטער־מאסנ איז איצט די אופגאבע פונ פאשיזמ אונ זײַנע סאָציִאַל־ אונ נאציִאָנאל־פאשיסטישע אגענטורנ.

„אויב די ערד וועט ניט אופהערנ צו זײַנ אנ עשאפאָט, א קאמפ־פראָנט, — שרײַט אויס אינ ווילדנ צאָרנ דער ייִדישער נאציִאָנאל־פאשיסטישער קריטיקער ניגער,— וועלנ אלע די, וואָס לעבנ מיינס פאר זיי דערקענענ, ניט נאָר טאָנ, זײַנ איבעריקע מענטשנ, וואָרומ בעשאסנ כיירעמ איז ניטאָ קיינ צײַט צו טראכטנ אונ עס איז ניטאָ קיינ צײַט אפילע צו טאָנ עפעס א כוצ — קאָמאנדעוועט אָדער פאַלגנ" (ווארשעווער זשורנאל „גלאָבוס" נומ. 3).

די מויכעס פונ די ניגערס, צייטלינס אונ זייער גלײַכנ זײַנענ איצט פארנומענ מיט דעמ, וויאַזוי צוימענ די אקטיוויזירונג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ, אָפּהאלטנ זייער קאָמוניזירונג אונ באהעפטונג צומ אָפענעמ קאמפ. פונ די שפאלטנ פונ נאציִאָנאל־פאשיסטישנ אָרגאנ דעמ „גלאָבוס" אינ פוילנ איז געוואָרפנ דער לאָזונג וועגנ אפּאַטעאָז פונ גאנדיזמ, פונ זײַנ אידיי וועגנ „פאסיווער ווידערשטאנד". דער נאציִאָנאל־פאשיזמ אידעאליזירט די פאסיווקײַט ווי א „רעוואָליוציִאָנערע אידיי", וואָס דארפ קעגנווירקנ די מאסנ־שטרײַקנ אונ דעמאָנסטראציעס, דעמ אָנוווקס פונעמ רעוואָליוציִאָנערנ קויעכ פונ פראָלעטאריאט. ארנ צייטלינ שרײַבט, אז גאנדי האָט אָנגעצייכנט „נײַע וועגנ פאר דער באפרײַונג פונ מענטשנ אונ פעלקער, אז ער האָט געמאכט א רעוואָליוציע אינ דער וועלט פונ רעוואָליוציעס". צייטלינ באגרינדעט דאָס אלפי דער ייִדישער רעליגיע אונ אלפי קאבאָלע. זײַנ נאציִאָנאל־פאשיסטישער רעבע ניגער פארטיפערט נאָכ דעמדאָזיקנ געדאנק אונ דערקלערט:

„מאהאטמאס (גאנדי) „פאסיווער ווידערשטאנד" איז ט א ט, איז די העכסטע אונ ווירקנדיקסטע אקטיוויטעט אונ איר (צייטלינ) האלט אימ מיט רעכט פאר א גרויסנ פאָרשטייער פונ אונדזער עפּאָכע, דער עפּאָכע פונ מײַסימ".

די פארהערלעכונג פונ דער פאסיווקײַט אלס קעגנזאצ צו דער רעוואָליוציִאָנערער אקטיווקײַט,—דאָס איז דער זינ פונ דער גאנדיסטיש־פאשיסטישער טאקטיק, וועלכע עס פראָפּאגאנדירנ איצט די צייטלינס אונ ניגערס אינ איינקלאנג מיט דער גאנצער צעלייגערישער ארבעט, וואָס עס פירט דער פוילישער פאשיזמ אינ די רייענ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ.

די ייִדישע נאציִאָנאל־פאשיסטנ באמיִענ זיכ אויכ דורכ דער ליטעראטור צו באווײַזנ די טאט אינ דער פאסיווקײַט פארהערלעכנ דאָס פאסיווע לײַדנ, פאָרשטעלנ עס ווי א הויכע אידיי, א מאָראלישנ קויעכ, וואָס דארפ אפ א פרידלעכנ אויפנ ווירקנ אפ די אימפעריאַליסטישע הערשער... צו אופהערנ זייער עקספּלואטאציע. דאָס איז דער רופ, אז די ארבעטנדיקע מאסנ זאָלנ ענטפערנ מיט אומטעטיקײַט אפ די צעיושעטע מײַסימ פונ דער פאשיסטישער הערשאפט.

ווי עס זאָל ניט זײַנ, זינגער האָט זיכ שוינ „איבערגעבויט" אונ געגעבנ די „קינסטלערישע" פארקערפערונג פונ דערדאָזיקער „אידיי" אינ זײַנ ראָמאנ „יאָשע קאלב". ער האָט געפונענ פאר דעמ די געהעריקע „נאציִאָנאלע פאָרמ".

אונ אָט וויאזוי:

דער ניעשאווער רעבע האָט געגומענ אנ איידימ פאר זײַנ 14־יאָריקער טאָכטער דעמ ראכמאניוװקער רעבנס 14־יאָריקנ זונ נאָכימטשע. אליינ האָט דער ניעשאווער רעבע, א 65־יאָריקער זאָקנ, כאסענע פאר א יונגער מיידל, א יעסוימע, וועלכע האָט זיכ אופגעהאָדעוועט בא זײַנעמ א כאָסיד. די פיזיִאָלאָגישע אונטערשיידנ פונ דידאָזיקע פאָרלעכשטויסנ צו דער דערוויַטערונג פונעמ ניעשאווער רעבנ מיט זײַנ יונגער ווײַבל אונ העלפט

דערנעענטערן איר צום רעבנס יונגיטשקן איידעם נאָכימטשע. דעם רעבנס ווײַב פאַרגיים אין טראָגן און שטאַרבט. נאָכימטשע איז צוליב זײַן אינערלעכן צושטאַנד געצוווּנגען צו נעלעם ווערן. ער גייט אַוועק אין אַ ווײַטער שטעטל און ווערט דאָרטן אַ געהילף בײַ אַ שול־שאַמעס. נאָכימטשע גיט דאָרטן ניט אָן זײַן נאָמען, פירט זיך אויף ווי אַ פאַרבאָרגענער. די מענטשן גיבן אים אַ נאָמען יאָשע קאַלב.

יאָשע קאַלב, דער פאַרבאָרגענער נאָכימטשע, פאַלט דאָ אָבער אַרײַן אין אַ נײַער צאָרע, עס ליגט אַף אים אַן אויג דער שאַמעס, וועלכער וויל אים כאַסענע מאַכן מיט זײַן אידיאָ־טישער האַלבשטומער פאַרזעסענער טאָכטער. אינדערצײַט פון אַ מאַגייפע, ווען די פּרומאַקעס פון שטעטל זוכן די זינדיקע, צוליב וועמעס שולד עס שטאַרבן אַזויפיל מענטשן, געפינט מען, אַז דעם שאַמעס טאָכטער איז טראָגעדיק (זי האָט געהאַט באַציִונגען מיט עפּעס קאָנ־טראַבאַנדיסטן) און מע ציט צו צום בעסדין יאָשע קאַלב. יאָשע קאַלב—נאָכימטשע גיט ניט וועגן דעם קיין קלאָרן ענטפער און עס ווערט אַרויסגעטראָגן דער מישפּעט כאַסענע מאַכן אים פאַרן שאַמעס טאָכטער. אין דער נאַכט פון דער געצוווּנגענער כאַסענע ווערט דער העלד ווידער נעלעם, קערט זיך אום צוריק אין ניעשאַווע און לאָזט זיך דערקענען אַלס דער פאַרשווּנדענער נאָכימטשע. דורכפאָרנדיקע מענטשן דערקענען אָבער אין אים יאָשע קאַלב. אַ סאַנעדרין פון 70 ראַבאָנים מישפּעט ווידער דעם העלד נאָכימטשע—יאָשע קאַלב. דער ניעשאַווער רעבע און זײַן צאַד ווײַזן אויף מיט אַלע צייכנס, אַז דער געמישפּעטער איז נאָכימטשע זײַן איידים. דער אַנדער צאַד מיטן שאַמעס אינדערשפּיץ ווײַזט אויף, אַז דער געמישפּעטער איז יאָשע קאַלב.

דאָ קומט די „באַלערנדיקע“ הויפּט־אידיי פון זינגערן. ביידע צדאָדים זײַנען אייגנטלעך גערעכט. און דער, וואָס קען אויפקלערן דעם גאַנצן איניען און אַרויספירן פון טאָעס,—נאָכימטשע אַליין,—ענטפערט מיט דער גאַנדיסטיש־זינגערישער „פילאָסאָפיע“:

— „איך ווייס ניט“.

— „מע הייס גאָרניט וועגן זיך אַליין“.

— „מע ווייס גאָרניט“.

אַזוי פאַרענדיקט זינגער זײַנע שונד־סיטוּאַציעס מיט דער נאַציִאָנאַל־פאַשיסטישער אידיי, אַז דער מענטש איז אַ רעטעניש, ער דאַרף אונטערדריקן זײַן פּראָטעסט־ווילן, זײַן פאַר־באָרגענקײַט עמעס, וועלכער איז נאָר אַן אויסערלעכע באַקאַנטשאַפט מיט דער זאַך. עס איז פאַראַן אַ גוירל, וועלכער באַשטימט פון פאָרויס דעם מענטשנס לעבנסוועג. דער אויסוועג איז די אומטאַט, די מיסטיק פון ניט־ווערן זיך, ניט קעגנשטעלן זיך, פון „פּאַסיוון ווידער־שטאַנד“.

אין גײַסט פון דער נאַציִאָנאַל־פאַשיסטישער פּראַקטיק שפּילט דאָ זינגער אַף די אַנאַר־כיסטיש־אינדיווידואַליסטישע פאַרלאַנגען פון קליינבירגער צו זײַן „זעלבסטשטענדיק“, צו זײַן אַ „פרײַענלעכקײַט“, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אידייען, לעבט מיט אַן אינערלעכן „גרויס. לעבן“. אין דערזעלבער צײַט באַמיט זיך זינגער צו דעזאָריענטירן דעם לייענער אין דערווירקלעכקײַט פון די געשעענישן, אידעאַליזירט דאָס ניט וויסן, הייליקט די ניט־אַקטיווקײַט, די אומטאַט, די נירוואַנאַ.

זינגער וואָלט ניט אויסגעפילט זײַן נאַציִאָנאַל־פאַשיסטישע מיסיע, ווען ער וואָלט געגעבן בלויז די פאַרקער־פערונג פון דערדאָזיקער נירוואַנאַ־אידיי, וואָס צילט צו אָפּשטעמפּן די רעוואָ־ליוציִאָנערע אַקטיוויזאַציע פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, און וואָלט ניט גערופן צו אַן אַנדער אַקטיווקײַט, צום פאַרשטאַרקטן בורזשואַזן נאַציִאָנאַליזם, קלעריקאַליזם און שאָוויניזם. און

ווירקלעכ: זינגער גייט אינ די וועגנ פונ שאָלעמ אש, וועלכער איז דער טרובאדור פונ קלעריקאל־נאציאָנאליסטישנ שטראָמ אינ ייִדישנ לעבנ. זינגער אידעאליזירט די פארגאנגענהייט, וויזט „שיינקייט“ אינ כסידעס אונ דער גאנצער פעאָדאליש־קלעריקאלער אָרדענונג פונ די מיטלאלטערלעכע ייִדישע קעהילעס, פארהערלעכט די „עטישקייט“ פונ ייִדישנ פאָלק מיט זיינע הייליקע פערזענלעכקייטנ פונ כסידימ, ראבאָנימ, צאדיקימ אונ אנדערע גאָסט־סטראפטשעס. איר האָט דאָ א ראכמאניוועקער רעבנ פונ סאמעט אויסגעוועבט, א רעב מוישע סויפער — א הייליקע טוירעלע, א רעב מייערל פול מיט טוירע אונ כאָכמע, א סאנעדרינ פונ 70 ראבאָנימ, ווו איינער איז „שענער“ אונ „איידעלער“ פונ אנדערנ. דער ייִדישער רעאקציאָנערער מיטלאלטערלעכער שטייגער ווערט אינ „יאָשע קאלב“ געשילדערט ווי אנ איבער־קלאסנדיקער, וואָס ווייס ניט פונ קיינ קלאסנקאמפ, האָט ניט נייטיק קיינ קלאסנקאמפ. צי קענ זיינ א רייד וועגנ וועלכע עס איז קעגנזעצלעכע אינטערעסנ, ווענ צווישנ אָרעמ אונ רייכ האָט געהערשט אזא אידיליע פונ קלאסנ־שאָלעמ, ווי:

„נעגידישע טעכטער האָבנ אויסגעבאָרגט זייערע שאבעסדיקע וואָלענע קליידער צו אָרעמע שניידערקעס אונ דינסטמיידלעכ, קעדיי זיי זאָלנ זיכ ניט דארפנ שעמענ מיט זייערע אָפגעטראָגענע קליידער. אליינ האָבנ די באלעבאטישע טעכטער זיכ אויסגעצירט אינ זיידנס“.

היינט די הערלעכקייט, מיט וועלכער עס ווערנ באזונגענ די ייִדישע טראדיציעס אונ מינהאָגימ. זינגער באמיט זיכ צו דערווייזנ טיפע רעליגיעזקייט, ווי בא דער ייִדישער בורזשואזיע, אזוי בא די אָרעמע שיכטנ פונ ייִדישנ פאָלק: „ייִדנ נעגידימ האָבנ דאפקע געוואָלט איצט איבערקוקנ די טפילנ אונ מעזוזעס בא רעב מוישענ“. אלע ייִדנ זינגערס זיינענ גרייט אפ „קידעשהאשעמ“. ווענ עס באמערקט זיכ עפעס אנ „אומרעכט“ אינ באצוג צו דער ייִדישער רעליגיע, א „פלעק“ אינ דער ראבאָניש־קלעריקאלער מישפאָכע, צינדט עס אָנ אלע שיכטנ פונ דער „איינהייטלעכער קנעסעס־ייִסראָל“. אשטייגער אזא בילד:

„א פייער פונ צאָרנ אונ מאכלויקעס האָט אָנגעצונדנ ייִדישע שטעט אונ שטעטלעכ פונ ביידע זייטנ גרענעצ... פונ די ראבאָנימ איז עס אריבערגעגאנגענ צו די לאָמדימ, צו די כסידימ, מיסנאגדימ, פראָסטע לייט אונ באלעמעלאָכעס. ייִדנ האָבנ אופגעהערט לערנענ, האנדלענ, ארבעטנ. דאווענענ אפילע. מע איז געווענ פארנומענ מיט ניעשאווע“.

זינגער מאכט אלע באמיִונגענ אפ ארייַנבלאָזנ אנ איבערערדישנ קויעכ אינ דער ייִדישער רעליגיע: „הענט פונ אלע זייטנ האָבנ זיכ געגעבנ א צי צומ דיינ. אָבער ער האָט זיכ ניט געלאָזט רירנ פונ אָרט. אנ אויסערגעוויינלעכנ קויעכ האָט דער דארער אלטער ייִד איצט געהאט“.

עס איז איבעריק צו זאָגנ, אז דערדאָזיקער שאבעסקוידעשדיקער ראָמאנטיזמ, די אידעאליזאציע פונ רעאקציאָנערנ אָוואר האָט דעמ באשטימטנ ציל צו ווענדנ די אקטיווקייט פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע אינ דער ריכטונג פונ איינהיטנ די בורזשואז־קלעריקאלע פעאָדאלע רעשטלעכ פונ ייִדישנ מיטלאלטער, רופנ צו נאציאָנאלער איינִיקייט אונ קלאסנ־שאָלעמ, פארניכטנ יעדנ רעוואָליוציאָנערנ אופברויז בא די ארבעטנדיקע מאסנ.

פונ איינ זייט — פאסיווקייט צו די הערשנדיקע פאקטערנ אינ לעבנ פונ די ארבעטנדיקע, פונ דער אנדער זייט — פאטאלע צוגעבונדנקייט צו די טויזנט־יאָריקע ייִדישע טראדיציעס, — דאָס איז די קאָמבינירטע אידיי פונ זינגערס „יאָשע קאלב“.

עס איז קעדיי אָפצושטעלנ זיכ אינ קורצנ אפ דער פאָרמ פונ זינגערס ראָמאנ, וועלכער איז צוגעפאסט צו זיינ נאציאָנאל־פאשיסטישער אידיי. מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ אפ דער

שונד־פאָרם. זי אפעלירט צו די אָפגעשטאנענסטע פיזיאָלאָגישע לײַדנשאפטנ פונ די מענטשנ, צו אָפשוואכנ אונ פארטעמפנ דעם רעוואָליוציאָנערנ דראנג. די שונד־פאָרם, וואָס איז אויסגערעכנט אפ קינסטלעכ פארכאפנ דעם לייענער, פארכאפנ אים מיט פארפירערישער אָנשוילעכקײַט, דארפ אויכ העלפנ פארשטארקנ דעם קלוימערשטנ רעאליזם פונ דער זאכ. דער שונדישער ציניזם דארפ געבנ, אזוי צו זאָגנ, „אויבער־רעאליזם“.

גלײַכצײַטיק מיט דעם גייט א צווייטע ליניע פונ א מינ האסקאָלע־רעאליזם. אינ איינינקע ערטער ווערט געשילדערט אינ גײַסט פונ דער האסקאָלע־ליטעראטור (לינעצקי א. אנד.), מענושעמדיקײַט, גראָבקײַט, ניט עטישקײַט פונ דער רעבייִש־כסידישער סוויווע, פונ ניעשאווער רעבנ אונ זײַנ „הויפ“. דאָס האָט אויכ א באשטימטנ ציל. דאָס דארפ צוגעבנ דעם בוכ א קעמפערישנ רעוואָליוציאָנערנ טאָנ אונ פארמאסקירנ זײַנ קלעריקאלע אונ נאציאָנאליסטישע אידעאליזאציע. זינגער פארגעסט זיכ אָבער ניט פונ זײַנ הויפט־ציל. קעדײַ צו צעשטערנ יעדנ אײַנדרוק פונ דעמדאָזיקנ קלוימערשטנ רעאליזם, ניט באשמוצנ כאָלילע די רעבייִש־כסידישע קליקע, ווערנ גלײַכצײַטיק געגעבנ הערלעכע שטריכנ פונ דיועלביקע העלדנ, די העלדנ ווערנ געוויזנ אינ זייער אויסלײַטערונג אונ סימפאטישקײַט.

מיר וועלנ נעמענ אלס בײַשפּיל די ליניע, וואָס זינגער פירט דורכ בענגייע דעם ניעשאווער רעבנ רעב מײלעכ. אינ אָנפאנג איז געגעבנ פונ אים אזא פּאָרטרעט:

„ער איז געווענ א ייִד א גיבער, דער רעבע רעב מייער. אנ עטלעכע אונ זעכציקער שוינ, א באלײַבטער מיט א גרויסנ בויכ, איבער וועלכנ דער לאנגער טערקישער געלבלעכער סאלעס־קאָטנ פארהייבט זיכ, ווי בא א ייִדנע אינ די העכערע כאדאָשים, איז ער פונדעסטוועגנ געווענ זייער א היציקער. זײַנע בוילעטע ארויסגעזעצטע ביר־פארביקע אויגנ האָבנ אלצ אזוי דורכדרינגלעכ דורכגענומענ, ווי זיי וואָלטנ וועלנ ארויסשפּרינגענ פונ די לעדלעכ. דורכ דער גאנצער געדיכטעניש פונ זײַנ באָרד אונ פייעס, פונ דער גאנצער האָריקײַט זײַנער אפנ טיפנ האלדז אונ אפנ געפאלדעוועטנ קארק, האָט געשפּריצט מיט בלוט, געזונטקײַט אונ ענערגיע. א קאָפּעדיקער, א טומלענדיקער, מיט א פּאָר אָנגעבלאָזענע זינלעכע ליפּנ, וועלכע הערנ קיינמאָל ניט אופ צו זויגנ א גראָבנ ציגאר, אלציינט א ברענענדיקנ, ציִ א פארלאָשענעם, איז ער דערבײַ געווענ א גוואלדיקער טאקעפ“.

אינ סאָפ פונ בוכ איז ער שוינ פונקט דער היפּעכ. ער איז טיפ רעליגיעז, עטיש קימאט הייליק. זײַנ אויסזענ: „דער רעבע איז אלט, די הויט פונ פּאָנעם איז ברוינ, ווי קאָרע, אויפגעקנייטשט, ווי קאָרע, די ברעמענ, באָרד אונ פּייעס זײַנענ גרוי פונ גרינקײַט“. ווי דער אמאָליקער קאָצקער טרײַבט ער פונ זיכ די אלע, וועלכע ווילנ, אז ער זאָל זיי ווײַזנ אפ דער זינדיקער ערד גאָטס ניסים. ער שרײַט צו די ייִדענעס:

— צו אלדע שווארצע יאָר, גייט — האָט ער געברומט — וואָס האָט איר זיכ אָנגעטשעפּעט אָנ מיר? פּאָרט ערגעצ אנדערש, עס פעלנ ניט קיינ רעבייִמ.

אונ אפנ בעסדינ פונ די 70 ראבאָנימ ווערט ער געשילדערט מיט א קאָפּ העכער פונ אלעמענ. ווי מיט א קישעפ ווענדנ זיכ צו אים אלע אויגנ. עס קומט פאָר אזא מינ דראמאטיזירטע בילד:

„— אופהערנ, — האָט ער (דער ניעשאווער רעבע) גערופנ — אופהערנ!

א טויטע שטילשווײַגנ האָט ארומגענומענ אלע, באם קראקאָווער ראָוו זײַנענ די ווערטער פארגליווערט געוואָרנ אינ מויל.

דער ניעשאווער איז געשטאנענ א ווײַסער, א שווערער, ווי א פארגליווערטע מאסע!

— איכ וועל ניט דערלאָזנ צו קיינ פאלשער שווּע אינ מײַנ שטאָט! — האָט ער גערופנ“.

דאָס איז ניט קײן קונצשטיק פונ א קישעפמאכער. דאָס איז אױסגערעכנטע רעאביליטאציע אפ אדרײַנבלאָזנ א נײַעמ אָטעמ אינ דעמ העלד, מאכנ אימ פארנ פאָנען־טרעגער פונ דער קידעשהאשעמ־אידײ, פונ די מיסטיש־מיטלאלטערלעכע הײליקײַטנ.

דאָס גײט איבערגעפלאָכטנ מיט סטיליזאציע פונ ראבאָנישע בריװ, ספאָרימ, קװיטלעך, באדכאָנישע רײד, שפרוכנ, קאמײעס, קאבאָלע.

אז דער „איקער זײַנענ די אידעאליזאציע־מאָמענטנ אינ װערק, איז צו זענ פונ דעמ, װאָס די שונד־פאָרמ האָט אנ איבערגעװיכט אינעמ ערשטנ טײל פונ ראָמאנ. אינ צװײטנ טײל גײט אנ אָנװוקס פונ געמאכטער ערנסטקײַט, פונ יענער נאציאָנאל־פאשיסטישער ערנסטקײַט, װאָס דארפ אָפװענדנ דעמ קלאסנקאמפ, די געפאר פונ ראדיקאליזירונג אונ רעװאָליוציאָנערער אופװאכונג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ.

כאראקטעריסטיש, װאָס אינ דער בונדישער פרעסע איז א לענגערע צײַט אָנגעגאנגענ א „דיסקוסיע" װעגנ דעמ, צי זינגערס ראָמאנ איז אטעיסטיש אָדער ארעליגיעז... די בונדישע „ליטעראטור־קריטיקער" האָבנ אזוי ארומ מיטגעהאָלפנ צו פאָפוליאריזירנ די קלױמערשטע קעמפערישקײַט פונ װערק אונ פארשטארקנ זײַנ נאציאָנאל־פאשיסטישע אגיטאציע.

דער ראָמאנ פארענדיקט זיכ מיט פאָלגנדיקנ מיסטישנ בילד:

„מיט א שטעקנ אינ האנט, מיט א פארלאטעטנ זאק אפ די פלײצעס, מיט א לײדיקנ זאק, אינ װעלכנ עס איז בלויז געװענ טאלעס אונ טפילנ אונ א שטײנדל צו האלטנ געװיכט, איז ער געגאנגענ איבער פארשטױבטע װעגנ מיט גרױסנ, ברײטנ שפאנ. דאָרפישע הינט זײַנענ אימ נאָכגעלאָפנ, פאסטעכער האָבנ שטײנדלעך נאָכגעװאָרפנ, געשריענ: ושיד כאלאמיד! ער האָט זיכ ניט אומגעקוקט. ער איז פארבײַ דערפער, לאָנקעס, װאסערלעכ, װינטמילנ, געשפאנט אלצ װײַטער אונ װײַטער".

אזוי װאנדערט זינגערס ייִדישער גאנדי מיט א שטעקנ אונ זעקל אפ די פלײצעס איבער די ייִדישע שטעטלעכ, קעדײ צו װערבירנ סימפאטיקער פאר דער פאשיסטישער זאכ...

דאפקע דאָס, װאָס דער נאציאָנאל־פאשיזמ מוז אָנקומענ צו אזעלכע מאנעװרענ, דאָס, װאָס ער פרײדיקט צו אריבערטראָגנ דעמ גאנדיזמ אפנ פױלישנ באָדנ, איז א באװײַז פונ דער אָנװאקסנדיקער דירעקטער רעװאָליוציאָנערער סיטואציע, פונעמ אופשטײַג פונ די קרעפטנ פונ דער אינטערנאציאָנאלער פראָלעטארישער רעװאָליוציע אונ דער דערנענטערונג פונעמ נײַעמ טור רעװאָליוציעס אונ מילכאָמעס, װעגנ װעלכע עס האָט אָנגעװיזנ דער היסטאָרישער 12־טער פלענומ פונ קאָמינטערנ.

# כראָניק

## צום 50-טנ יאָרטאָג נאָכ קארל מארקס טויט

— די ווײַסרוסישע וויסנשאפט־אקאדעמיע האָט צוגעגרייט צום דרוק א זאמלבוכ אפ דער ווײַסרוסישער שפראכ אונטער דער רעדאקציע פונעם פרעזידענט פונ דער אקאדעמיע כ׳ גאָרינ. אינעם זאמלבוכ גייענ ארײַנ א ריי ארבעטנ פונ קאַרל מארקס אונ אויכ א ריי מאטעריאלנ וועגנ זײַנ לערע. דער דריטער נומער פונ זשורנאל „סאָוועצקאיא קראַינא" איז געווענ אינגאנצנ געווידמעט דעם 50־טנ יאָרטאָג נאָכ ק. מארקס טויט. מארקס יאָרטאָג איז אויכ אָפגעצייכנט געוואָרנ אינ אלע שולנ פונ מינסק מיט מיטינגענ וועגנ ק. מארקס לערע אונ מיט אויסשטעלונגענ פונ זײַנע ווערק. עס זײַנענ ארויסגעלאָזנ געוואָרנ ספּעציעלע נומערנ וואנטצײַטונגענ.

דער וויטעבסקער סאָציאַל־היסטאָרישער מוזיי האָט אָרגאניזירט א גרויסע אויסשטעלונג „מארקס לעבנ אונ טעטיקײַט".

— די קאָמיסיע צוהילפ די געלערנטע באם ראטספאָלקאָם וו.ס.ס.ר. האָט אײַנגעשטעלט דרײַ פרעמיעס אפנ נאָמענ פונ 50־טנ יאָרטאָג נאָכ קארל מארקס טויט, וועלכע וועלנ אויסגעטיילט דעם 14־טנ מארט 1934 י. פאר די בעסטע פונדאמענטאלע וויסנשאפטלעכע ארבעטנ, נוציקע פאר דער סאָצבויונג געשריבנ אינ פארלויפ פונעם דאָזיקנ יאָר אפ דער באזע פונ דער מארקסיסטיש־לענינישער מעטאָדאָלאָגיע דורכ די וויסנש. טוער פונ וו.ס.ס.ר. עס זײַנענ אײַנגעשטעלט געוואָרנ פאָלגנדיקע פרעמיעס: איינע אינ 3000 רובל, איינע אינ 2000 רובל, איינע אינ 1000 רובל.

— דער אָרגקאָמיטעט פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווײַסרוסלאנד האָט אײַנגעאָרדנט אינ שרײַבער־הויז (מינסק), אנ אָוונט געווידמעט מארקסנ. מיט פאָרטראָגנ זײַנענ ארויסגעטראָטנ די אקאדעמיקער ס. יא. וואָלפסאָנ אונ י. בראָנשטיינ.

— די ווײַסרוסישע וויסנשאפט־אקאדעמיע האָט אויסגעטיילט 70 פאָרטרעגער אפ דורכפירנ פאָרטראָגנ אינ די אונטערנעמונגענ, הויכשולנ אונ מיליטער־טיילנ.

דער „באנ" האָט צונויפגערופנ א ספּעציעלע סעסיע, ווו עס זײַנענ איבערגעלייענט געוואָרנ 6 פאָרטראגנ וועגנ מארקסנ אונ מארקסיזם.

— דער רעוואָלוציע־מוזיי פונ וו. ס. ס. ר. האָט צום דעקאדניק, געווידמעט מארקסנ, אָרגאניזירט א ספּעציעלע אויסשטעלונג. די אויסשטעלונג שפיגלט אָפּ דאָס לעבנ אונ די רעוואָלוציאָנערע טעטיקײַט פונעם גרונטלייגער פונ מארקסיזם.

— דער אינסטיטוט פאר מאסאָווער אונטערויגיקער בילדונג פארנ פארטאקטיוו באם צ.ק. ק פ.(ב)וו. האָט דורכגעפירט א ציקל ראדיאָ־לעקציעס אפ דער טעמע: „קארל מארקס—

דער גרונטלייגער פונעמ וויסנשאַפטלעכנ קאָמוניזמ״. דער ציקל איז באַשטאַנענ פונ 8 לעק־ציעס: „קאַרל מאַרקס — די גרונט־מאָמענטנ פונ זײַנ לעבנ אונ טעטיקײַט״, „מאַרקס לערע וועגנ קלאַסנ־קאַמפּ״, „מאַרקס־לענינ־סטאַלינ״ א. אנד.

— דער מעלוכע־פאַרלאַג פונ ווײַסרוסלאַנד דרוקט אינ ווײַסרוסיש: לענינ „מאַרקס—ענגעלס—מאַרקסיזמ״. מאַרקס „דער קלאַסנקאַמפ אינ פראַנקרײַכ פונ 1848־1850 י.״, מאַרקס אונ ענגעלס „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט״. מאַרקס „דער בירגערקריג אינ פראַנקרײַכ פונ 1871 י.״. מאַרקס „לוי באָנאַפּאַרטס 18־טער ברױמער״. מאַרקס „די קריטיק פונ דער גאָטער פּראָגראַמ״. מאַרקס אונ ענגעלס „די רעוואָליוציע אונ קאָנטער־רעוואָלוציע אינ דײַטשלאַנד״. ענגעלס „די אַנטוויקלונג פונ סאָציאַליזמ פונ א אויטאָפּיע ביז א וויסנשאַפט״. ענגעלס—„לידוויג פײַערבאַכ״. מאַרקס—ענגעלס „בריװ״ — אונטער דער רעדאַקציע פונ אַדאָראַטסקי. ענגעלס „14 מאַרט 1883 י.״.

דער נאַצסעקטער פונ מעלוכע־פאַרלאַג פונ ווײַסרוסלאַנד לאָזט אַרויס אפ ליטוויש ענגעלסעס בוכ „14 מאַרט 1883 י.״ אפ ייִדיש ווערט אַרויסגעגעבנ ענגעלסעס בוכ „די ראָלע פונ אַרבעט אינ פּראָצעס פונ פאַרמענטשלעכנ די „מאַלפּע״, אפ פּויליש ווערט אַרויסגעגעבנ לענינס אַרטיקל „קאַרל מאַרקס״ פונעמ בוכ „מאַרקס—ענגעלס—מאַרקסיזמ״.

דער „עמעס״־פאַרלאַג האָט אַרויסגעלאָזנ: 1) פרידריכ ענגעלס—„14 מאַרט 1883 י.״ אינ דער בראָשור גייענ אַרײַנ—ענגעלסעס רעדע אפ מאַרקס קײװער, בריוו וועגנ מאַרקס טויט אונ ענגעלס אַרטיקל אינעמ ציריכער „סאָציאַל־דעמאָקראַט״. 2) ל. פערטשיק — „ק. מאַרקס־ביאָגראַפיע. 3) עס דרוקט זיכ אונ איינגיכנ דערשײַנט: פרידריכ ענגעלס—„וועגנ מאַרקס אונ מאַרקסיזמ״ 4) פ. ענגעלס—קאָנספּעקט פונעמ 1־טנ באַנד „קאַפּיטאַל״ 5) ק. מאַרקס—„די קלאַסנקאַמפנ אינ פראַנקרײַכ״.

— דער ייִדסעקטער פונעמ אַלוקראַײַנישנ נאַצמינדפאַרלאַג לאָזט אַרויס צומ יאָרטאָג אפ ייִדיש צוויי ביכער:

1. „קאָמוניסטישער מאַניפעסט״ פונ מאַרקס—ענגעלס מיט ענגעלסעס פאָרעדע צו דער דײַטשישער, ענגלישער, פּוילישער, רוסישער אונ איטאַליענישער אויסגאַבעס, דער „מאַני־פעסט״ איז איצט ספּעציעל איבערגעזעצט געוואָרנ פונעמ דײַטשישנ אָריגינאַל דורכנ כ' מ. לעוויטאַנ, רעדאַקטירט האָבנ די איבערזעצונג די כ״כ מ. עריק אונ מ. קאַמענשטיינ:

2. לענינס א זאַמלונג אַרטיקלענ אונטערנ אַלגעמײנעמ טיטל „מאַרקס אונ מאַרקסיזמ״. אינ משעכ פונ יאָר וועלנ דערשײַנענ אַזעלכע ביכער:

1. מאַרקס—„צו דער קריטיק פונ דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע״.
2. ק. מאַרקס—„לוי באָנאַפּאַרטס 18־טער ברױמער״.
3. מאַרקס—ענגעלס—„קריטיק פונ דער גאָטער פּראָגראַמ״.
4. מאַרקס—ענגעלס—„די רעוואָליוציע אונ קאָנטער־רעוואָליוציע אינ דײַטשלאַנד.
5. פ. ענגעלס—„לידוויג פײַערבאַכ״ מיט מאַרקס טעזיסנ וועגנ פײַערבאַכנ.

— קעדיי צו באַצייכענענ דעמ 50־טנ יאָרטאָג, זינט עס איז געשטאָרבנ קאַרל מאַרקס, באַשטימט דער ראַטפאָלקאָמ פונ פ.ס.ס.ר.: 1. דערקלערנ א צווישנפעלקערלעכנ קאָנקורס אפ א דענקמאָל קאַרל מאַרקסנ אינ מאָסקווע.

2. אײַנשטעלנ אַזעלכע פּרעמיעס: ערשטע פּרעמיע — 100.000 רובל, צווייטע פּרעמיע — 50.000 רובל, דריטע פּרעמיע — 30.000 רובל.

— די אלפארבאנדישע ביבליָאָטעק אפ לענינס נאָמענ (מאָסקווע) האָט געעפנט א גרויסע ביכער־אויסשטעלונג וועגנ מארקסנ און פונ מארקסיסטישער ליטעראטור. עס איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ א קינסטלערישע פּאָטאָ־אויסשטעלונג פאר אונטערנעמונגענ, קאָלווירטנ און מ.ט.ס. עס איז צוגעגרייט געוואָרנ צום דרוק א ביבליָאָגראפישע ווערק „מארקס און ענגעלס וועגנ רוסלאנד". די וויסנש. ביבליָאָטעק אפ גאָרקיס נאָמענ באם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט און די וויסנש. פאָרש. אינסטיטוטנ פונעם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט אָרגאניזירנ אנ אויסשטעלונג „מארקס, ענגעלס און די נאטור־וויסנשאפט".

— די צענטראלע ביבליָאָטעק פאר אויסלענדישער ליטעראטור גרייט אנ אויסשטעלונג „מארקס און די קינסטלערישע ליטעראטור". דער מעלוכישער פּאָליטעכנישער מוזיי אָרדנט איינ צום יובילײ צוויי אויסשטעלונגענ: „מארקס וועגנ טעכניק" און „מארקס וועגנ דער פּאָליטעכנישער שול". עס גרייטנ זיכ באוועגלעכע אויסשטעלונגענ פאר שולנ און אונטערנעמונגענ.

— דער אינסטיטוט מארקס־ענגעלס־לענינ האָט אינ פעווראל כוידעש ארויסגעלאָזנ דעם ערשטנ באנד פונעם צוויי־באנד פונ די געקליבענע ווערק פונ ק. מארקס און פ. ענגעלס אונטער דער רעדאקציע פונ וו. וו. אדאָראטסקי. דער ארייַנפיר־טייל פונעם ערשטנ באנד איז געווידמעט מארקס לעבנ און טעטיקייט אינ דער אלגעמיינער כאראקטעריסטיק פונ די גרונט־יעסוידעס און אנטוויקלונג פונעם מארקסיזם. מארקס ביָאָגראפיע ווערט באלויכטנ אינ ענגעלסעס און לענינס ארטיקלענ און אינ די זיכרוינעס פונ לאפארג און ליבקנעכט. די אלגעמיינע כאראקטעריסטיק פונעם מארקסיזם גיבנ לענינס ארבעטנ: „די דריי קוואלנ", „מארקסיזם און רעוויזיָאָניזם", „דער היסטאָרישער גורל פונעם מארקסיזם" און אנ אויסצוג פונ כ' סטאלינס געשפרעכ מיט דער ערשטער אמעריקאנער דעלעגאציע, אינ וועלכער מיר געפינענ א גלענצנדיקע קאָנדענסירטע כאראקטעריסטיק פונ לענינישנ עטאַפּ אינ דער אנטוויקלונג פונעם מארקסיזם.

אינ אָנהייב מארט גייט ארויס דער צווייטער באנד פונעם צוויי־באנד. גלייַכצייַטיק דרוקט זיכ דער צוויי־באנד אפ דער דייַטשישער שפּראכ און וועט דערשייַנענ צום יאָרטאָג נאָכ קארל מארקס טויט.

— דער אינסטיטוט מארקס־ענגעלס־לענינ האָט ארויסגעגעבנ דעם 4־טנ באנד פונ מארקס און ענגעלסעס ווערק. דער באנד אנטהאלט „די דייַטשישע אידעאָלאָגיע" — א קאַפּיטאלע ווערק, וואָס איז אָנגעשריבנ געוואָרנ צוזאמענ פונ מארקסנ און ענגעלסנ אינ 1845־1846 י. מארקס ארבעט, וועלכע דערשייַנט 87 יאָר נאָכדעם, ווי זי איז אָנגעשריבנ געוואָרנ, האָט א גוואלטיקע באדייַטונג אפ דערלערנענ דעם מארקסיזם — לענינים.

דער „אימעלי" האָט אויכ ארויסגעלאָזנ דעם צווייטנ באנד „קאפּיטאל" אפ דער דייַטשישער שפּראכ (דער ערשטער באנד איז דערשינענ אינ יאנוואר). ביז איצט איז די אויסגאבע פונ „קאפּיטאל" געווענ אינ דייַטשלאנד די מאָנאָפּאָליע פונ די בורזשואזע און סאָציאל־דעמאָקראטישע פארלאגנ. אינעם „קאפּיטאל", ארויסגעגעבנ אונטער דער רעדאקציע פונ „אימעלי" באקומט דער דייַטשישער לייענער צום ערשטנ מאָל א וויסנש. און פּאָליטיש־פולקומע פּאָפּולערע אויסגאבע פונעם גרונט־ווערק פונ מארקסיזם.

— דער פארלאג פאר די אויסלענדישע ארבעטער אינ פ.ס.ס.ר. גיט ארויס אפ דייַטש און ענגליש ענגעלסעס בראָשור: „צום יאָרטאָג פונ מארקס טויט" (14 מארט).

אינ כינעזיש דערשײַנט לענינס בראָשור: „קארל מארקס“ אונ אינ אונגאריש בעלא־קונס בראָשור „מארקס אונ די סאָציאַל־דעמאָקראטיע“.

עס ווערט איבערגעזעצט אינ קירגיזיש „דער קאָמוניסטישער מאניפעסט“.

— דער אינסטיטוט פאר בוכ, דאָקומענטנ אונ בריוו בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ פ..ס.ס.ר. (לענינגראד) גרייט א ריי ארבעטנ. דער וויסנש. מיטארבעטער פונ דער וויסנש. אקאד. פאָמינ האָט פארענדיקט אנ איבערזיכט איבער דער ביבליאָגראפיע פונ אלצ, וואָס איז געשריבנ געוואָרנ וועגנ מארקסנ אפ דער רוסישער שפראכ אונ אלע רוסישע אויסגאבעס, אינ וועלכע עס ווערט דערמאָנט מארקס נאָמענ. פראָפ. מאלייִנ האָט צוגעגרייט אנ ארבעט וועגנ דער ערשטער אויסגאבע פונ „קאפיטאל“ אפ דער רוסישער שפראכ. דער געלערנטער ספעציאַליסט בערקאָוו האָט פארענדיקט אנ ארבעט „מארקס, ווי א רעצענזענט“. אינ דערדאָזיקער ארבעט זײַנענ הויפטזעכלעכ דערלערנט מארקס קריטישע ארבעטנ. כוצדעמ האָט בערקאָוו אָנגעשריבנ אנ ארבעט אונטערנ נאָמענ „מארקס פעליעטאָנ וועגנ דער פרעסע־פרײַהײַט“.

— דער „אימעל“ האָט ארויסגעלאָזנ דעמ צווייטנ באנד „ארכיוו פונ מארקס אונ ענגעלס“ מיטנ ארויסגעבנ דעמדאָזיקנ באנד הייבט אָנ דער „אימעל“ פובליקירנ די רײַכסטע מאנוסקריפטנ־ירושע, וואָס איז דירעקט פארבונדנ מיט מארקס ארבעט איבער זײַנ הויפט־ווערק „קאפיטאל“.

— דער רעוואָליוציע־מוזיי (לענינגראד) אָרגאניזירט אנ אויסשטעלונג צומ אָנדענק פונ ק. מארקס, אינ וועלכנ עס נעמענ אָנטייל די וויסנשאפט־אקאדעמיע, דער „ערמיטאזש“ אונ די עפנטלעכע ביבליאָטעק.

— די אלוקרײַנישע ווי סנשאפט־אקאדעמיע לאָזט ארויס צומ יאָרטאָג א ספעציעלנ זאמלבוכ. דער אוקר. וויסנש.־פאָרשערישער אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור, דער אוקר. וויסנש. אינסטיטוט פאר בוכקענטעניש אונ אנדערע וויסנש.־פאָרשערישע אנשטאלטנ לאָזנ ארויס א ריי ארבעטנ געווידמעט מארקסנ אונ ענגעלסנ.

— די וויסנש. אקאדעמיע פונ פ.ס.ס.ר. לאָזט ארויס סאָפ מארט א גרויסנ זאמלבוכ, געווידמעט דעמ 50־טנ יאָרטאָג נאָכ קארל מארקס טויט. דער ערשטער טייל פונעמ זאמלבוכ איז געווידמעט דאָס לעבנ אונ טעטיקײַט פונ מארקסנ אונ די גרונט־פראגנ פונ מארקסיזמ. אינעמ צווייטנ טייל ווערנ פאנאנדערגעארבעט די פראָבלעמעס פונ נאטורוויסנשאפטנ אונ פינקטלעכע וויסנשאפטנ אינעמ שײַנ פונ מארקס לערע. אינ צוזאמענשטעלנ דעמ זאמלבוכ נעמענ אָנטייל 15 אקאדעמיקער.

— אינ קאָנפערענצ־זאל פונעמ אינסטיטוט מארקס־ענגעלס־לענינ (מאָסקווע) איז דעמ 15־טנ מארט אינ אָוונט געעפנט געוואָרנ די אויסשטעלונג פונ ק. מארקס ווערק צו זײַנ 50־טנ יאָרצײַט?. באמ עפענענ די אויסשטעלונג האָט דער דירעקטער פונ „אימעל“ כאווער וו. וו. אדאָראטסקי געהאלטנ א קורצע אײַנלייטונג־רעדע אונ האָט באקאָנט די בײַוועזנדיקע מיט די הויפט־עקספּאָנאטנ, וואָס זײַנענ פאָרגעשטעלט אפ דער אויסשטעלונג.

די אויסשטעלונג איז זייער אנ אימפּאָזאנטע אונ איז אויסגעצייכנט אויסגעפורעמט.

א גאנצע ריי עקספּאָנאטנ גיבנ א פאָרשטעלונג וועגנ מארקס יונגע יאָרנ, וועגנ זײַנ פאמיליע, וועגנ זײַנע נאָענטע. אפ א באזונדער קארטע איז פארצייכנט מארקס לעבנ־וועג אונ זײַנ געפינענ זיכ אינ א ריי שטעט פונ דײַטשלאנד, ענגלאנד, האָלאנד, בעלגיע, עסטרײַכ, שווייצ, פראנקרײַכ אונ אינ אלזשיר, גוט איז באוויזנ מארקס אָנטייל אינ די

ארבעטנ פונעמ ערשטנ אינטערנאציִאָנאל, בייס דער פאריזשער קאָמונע אינ 1871 יאָר אונ אנדערע.

די אויסשטעלונג באקרוינעג א ריי עקספּאָנאטנ, וואָס כאראקטעריזירנ וויאזוי מארקס לערע איז פארשפּרייט אינ דער וועלט, איר אנטוויקלונג־וועג, וויאזוי לענינ אונ סטאלינ האָבנ פאנאנדערגעארבעט מארקס ירושע אונ וויאזוי מארקס לערע איז פארווירקלעכט געוואָרנ אפ דער פּראקטיק אינ פ.ס.ס.ר. אפ דער אויסשטעלונג איז דאָ א רײַכע קאָלעקציע מארקסיסטיש־לענינישע ליטעראטור אפ פארשיידענע שפּראכנ, דערינ אויכ אלע אויסגא־בעס פונעמ אינסטיטוט מארקס—ענגעלס—לענינ.

---

### פונ רעדאקציע:

צוליב טעכנישע סיבעס זײַנענ אינ דעמ נומער ניט ארײַנ די פאָרזעצונגענ פונ י. בראָנשטיינס אונ י. ליר־באָמירסקיס ארטיקלענ. זיי וועלנ געדרוקט אינ „שטערנ“ נומ. 4.

---

## אויסבעסערונגענ

אינ „שטערנ“ נומ. 12 פונעמ 1932 יאָר, איז אינ דער באמערקונג צו כ׳ האָפּשטיינס ליד „פּערסייִ“ אָפּגעדרוק איינער פונ די גרעסטע גלעטשערנ. עס דארפ זײַנ: איינער פונ די גרעסטע ב ע ש ט ע ר נ.

אינ „שטערנ“ נומ. 2 פונ 1933 י. אינ כ׳ י. בראָנשטיינס ארטיקל „וועגנ סאָציִאליסטישנ רעאליזמ אונ „קינסטלערישנ עמעס“ אפ דער 69־טער זײַט, דארפ דער 7־טער אבזאצ זיכ לייענענ אזוי: טאָלסטויס קראפּט, ווי א קינסטלער אונ דענקער איז טאקע באשטאנענ אינ דעמ א. א. וו.

---

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק

רעדקאָלעגיע: א. אָשעראָוויטש, ז. אקסעלראָד, י. בראָנשטיינ, כ. דונעצ, א. וואָלאָ־ברינסקי, אי. כאריק, ל. קאצאָוויטש, ר. ראיִק, ל. ראָזענהויז, ס. שווידעל

דרוקערײַ א. נ. סטאלינ באשטעלונג 864. גלאווליטבעל A—13




# ווײַסרוסישע קאנטאָר
## פון דער אלפארבאנדישער פאריייניקונג
# „טאָרגסין"

מינסק, קאָמסאָמאָלסקע, 15.

## אוניווערסאלע קראָמען:

מינסק, האָמעל, וויטעבסק, באָברויסק, מאָליעוו, סלוצק, באָריסאָוו, אָרשע, מאָזיר, פּאָלאָצק, קלי-מאָוויטש, טשערווען, הלוסק, ראָהאטשאָוו, רעטשיצע, קאלינקאָוויטש, פּעטריקאָוו, שקלאָוו, נעגאָרעלאָיע, ביגאָסאָווע, האָראָדאָק, לעפּעל, בעשענקאָוויטש און אנדערע שטעט פון ווײַסרוסלאנד

---

פארקויפט אלערלייִקע פּראָדוקטן און אינדו-סטריעלע סכוירעס פאר דאָלארן, גאָלד-מאט-בייעס און אנדערע וואליוטעס

---

קויפט גאָלד און זילבער־ברוך, פאר וועלכע ער גיט ארויס סכוירעס לויטן אויסוואל פון אָפּגעבער

---

לאָזט אָפּ סכוירעס לויט די אָנקומענדיקע געלט-אָנווײַזונגען פון אויסלאנד

---

**די פּרײַזן אפּ אלע סכוירעס זײַנען פארקלענערט געוואָרן**

ווײַסקאנטאָר פון „טאָרגסין"

# ЗОРКА

פּרײַז 80 קאָפּ.

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс




ВЫДАНЬНЕ
„Акцябр“
Менск, Рэвалюц. вул., 2